# CONTROL TEST TARGET
## for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz

Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.


Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811


DOCUMENT IMAGING



Radzsher, Moris.
Der gayst fun der tsayt :
a drame in dray aktn.
Los Andzsheles, 1927.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1881.11

**Radzsher, Moris.**
Der gayst fun der tsayt : a drame in dray aktn.
Los Andzsheles : Haver, 1927.
96 p. ; 21 cm.

1. Yiddish drama.—lcsh
I. United States -California -Los Angeles



Reduction ratio X 10.0

# דער גייסט פון דער צייט

פון

מאָרים ראָדזשער

א דראמע אין דריי אקטן

א מתנה פון אונדזער בוך

פאַרלאַג ״חבר״
לאָס אַנדזשעלעס. קאַל.
1927

געווידמעט מיין ליבע פרוי און

חבר דר. אַרעלאַ ר. ראָדזשער.



PRINTED BY

BOYLE HEIGHTS PTG. CO.

1951 BROOKLYN AVE.

LOS ANGELES, CAL.

31

## פערזאָנען:

גרישאַ, אייזן־אַרבעטער.

ראָזע, זיין כלה.

לאָה, זיין שוועסטער.

רחל, זייער מוטער.

ברײנע, די כלה׳ס מוטער.

שרה, רחל׳ס שוועסטער,

לעאָן וואַסערמאַן, אַ דאָקטאָר.

ערשטער אָפיצער.

צווייטער אָפיצער.

ערשטער סאָלדאַט.

צווייטער סאָלדאַט.

דריטער סאָלדאַט.

אַרבעטער.

די סצענע קומט פאָר אין אַ קליינער ליטוויש שטאָט רוסלאַנד, אין די מלחמה־צייטן, ניט ווייט פון די שלאַכטן. — אַ ניט גרויסער צימער, אין מיטן שטייט אַ טיש און עטלאַכע שטולען; אין איין ווינקל שטייט אַן עטאַזשערקע אויף וועלכער ס׳ליגן ביכער און צייטונגען און צו דער וואַנט זיינען אָנגעשפּאַרט עטלאַכע בילדער. אין דער אַנדער זייט אויף אַ קליין טישל שטייט אַ בלומען־טאָפּ, אין מיטן שטייט אַ קאָמאָדע אויף וועלכן ס׳שטייען אויסגעשטעלט טעלער, גלעזער און אַנדערע גלאָזוואַרג. איבער איס הייננט אַ גרויסער אַלט־מאָדישער זייגער און ביי די זייטן צוויי בילדער פון רחל׳ן און איר מאַן. אין שטוב איז ריין און יעדע זאַך איז אין אָרדנונג ס׳זענען סימנים פון בעל־הבית׳שן לעבן. דער זייגער שלאָגט פיר. רחל און ברײנע זיצן באַם טיש.

---

רחל

מיינע שונאים זאָלן האָבן אַ מאַן מיט קינדער אין אמעריקע און זיצן דאָ און נאָר וואַרטן אויף בריוו. אמת, ער איז נישט ווי די אַנדערע אַמעריקאַנער מענער. ער שרייבט אָפט בריוו און וואַרפט אַמאָל צו אַ גוט וואָרט אויך. אָבער פרעג וואָס? ווען? קען מען דען פון די גוטע און ליבע ווערטער קאָכן אָן אָנבייסן? אַ וועטשע־רע? און באַצאָלן דירה־געלט? . . אין די לעצטע עטלאַכע בריוו, שרייבן זיי ביידע, כאָטש מיין מאַן זאָל געזונט זיין איז אין אַמע־ריקע, אין ניו־יאָרק און איציק זאָל לעבן איז אין באָסטאָן, אַזוי

ווי זיי וואָלטן זיך צונויפגערעדט. אַז ס'איז נישט גוט, ס'איז באַ זיי אַ גרויסער קריזיס דאָרטן און ער לאָזט זיי די קעפּ ניט אויפֿהויבן: מענטשן גייען אַרום ווי די שאָטנס, אָן אַרבעט און אָן וואוינונגען און פאַלן ווי די פליגן פון הונגער און היץ; נאָר זיי אַ דאַנק גאָט דרייען זיך ווי ניט איז דורך. (זיפצט) נו, נאָט אייך אַמעריקע! . . .

בריינע

איר זינדיקט רחל! געגן גאָט טאָר מען נישט זינדיקן. דיינקט ניט רחל אַז איך פאַרגין אייך נישט, מיינע וואונדן ריידן דאָס. איך וואָלט שוין מער צופרידן געווען ווען מיין מאַן טוט דאָס וואָס אייער מאַן האָט אים געזאָגט: — אַוועקגיין מיט אים אין אַמעריקע און נישט אַוועקגיין אויף דער מלחמה, וואָלט ער קיין אייביקער קריפּל ניט פאַרבליבן.

רחל

(זיפצט) כ'ווייס ניט וואָס איבערצוטראַכטן, שוין דריי מאָנאַטן ווי כ'האָב פון זיי קיין בריוו נישט דערהאַלטן, נישט פון מיין מאַן און ניט פון איציק'ן.

בריינע

איר'ט זיכער אין גיכן באַקומען. איר ווייסט דאָך, ווען די צייט איז ניט אַמבעסטן, ליגט ניט אין קאָפּ דער שרייבן.

רחל

וואָס מאַכט ראָזע? איז זי שוין בעסער? שוין אַזאַ לאַנגע צייט ווי זי איז אַהער נישט אַריינגעקומען. זינט גרישאַ איז אַרעסטירט געוואָרן; אַ דאַנק גאָט, ניט פאַר גנבות איז ער געזעסן. ס'איז שוין דריי וואָכן ווי ער איז אַרויס פון טורמע און זי קומט נאָך אַלץ נישט. ער האָט באַ מיר געפרעגט וואָס זי מאַכט האָב



איך אים געזאָגט, אַז זי איז אַוועקגעפאָרן אויף עטלאַכע וואָכן צו דער מומען אין דאָרף; אַזוי ווי איך האָב געהערט דאָס עטוואָס האָט פּאַסירט מיט איר, האָב איך אים קיין פאַרדראָס נישט געוואָלט אָנטאָן; ער וואָלט זיכער געוואָלט אַהין אַוועקגיין, אָבער ער טאָר זיך איצט צופיל נישט אַרומדרייען, ווייל די פּאָליציי גיט אַכטונג אויף זיין יעדן טריט און אין יעדן פּלאַץ וואו ער גייט.

בריינע

אָ! . . די היינטיקע קינדער! די היינטיקע קינדער! . . . . וויפיל צרות מ'שטייט אויס פון זיי, כאָטש שולדיג זיינען זיי מאַנכעס מאָל אויך ניט.

רחל

וואָס האָט מיט איר געטראָפן?

בריינע

מיט דריי יאָר צוריק, ווען מיין מאַן איז די אַלע אָפּעראַציעס אַריבערגעקומען און איז נאָך צוויי יאָר ליגנדיק אויפ'ן טויטן בעט צוריק אַהיים געקומען. האָב איך נישט געוואוסט וואו מ'טוט זיך אַהין און ווי אַזוי מ'שפּייזט זיך דורך. אַ קליינינקייט, זעקס מיילער בעטן עסן! קיין־עין־הרע; — דריי קליינע עופעלאַך, די גרעסטע איז דאַן ראָזע געווען. פערצן יאָר איז איר געוואָרן. האָב איך זיך מישב געווען און איר אַוועקגעגעבן צו אַ שניידער. געגנוג האָט מיך מיין הארץ געריסן, אַזאַ בילד־שיינע און איידעל קינד צו אַ שניידער אַוועקגעבן! וואָרים מיר האָבן זיך זיכער אויף אַזאַ אומגליק נישט גערעכנט. ווען ראָזע איז אַלט געווען צוועלף יאָר איז באַ אונז אַלץ גוט געווען. דאָס געשעפט האָט געבליט, מ'האָט פאַרדינט און געלעבט און פון ראָזע'ן — האָבן מיר עפּעס בעסערס ווי פאַר אַ שניידערין געוואָלט מאַכן. מיט איין מאָל איז אויף אונז אַן אומגליק געקומען: די מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען און

מיט דריי טעג שפּעטער האָט מען פון אונז אונזער שפּייזער צוגענומען. איר געדיינקט אוודאי ווי מיר האָבן נאָך גאָט געדאַנקט וואָס מ'האָט פאַר אַלע זעקס נפשות פיר רובל מיט פופציק קאָפּיקעס אַ מאָנאַט געגעבן און מיט דעם האָבן מיר זיך אַלע באַדאַרפט דורכשפּייזן. (רחל זיפצט) און ווען כ'האָב דערנאָך דערהערט, אַז מ'האָט מיין שפּייזער פאַרוואונדעט, האָב איך געקלאָגט און געוויינט און גאָט געדאַנקט, אַבי ער זאָל לעבן בלייבן און די קינדער זאָלן כאָטש קיין יתומים נישט בלייבן. . . דאָס איינציקע וואָס מיר איז דאַן געבליבן צו טאָן; איז זען אַז ראָזע זאָל עטוואָס פאַרדינען און העלפן דורכצולעבן: ווייל ווי נאָר מ'האָט מיין מאַן אין האָספּיטאַל פון שלאַכט־פעלד געבראַכט, האָט מען מיר שוין די פיר רובל און א האלב אַ מאָנאַט אויך שוין ניט געגעבן. די ערשטע צייט איז זי זייער צופרידן געווען און ווען זי האָט שוין אָנגעפאַנגען צו פאַרדינען איין רובל מיט פופציק קאָפּיקעס אַ וואָך, איז פאַר איר קיין גרעסערער גליק ניט געווען. . . אין אַ געוויסן אָוונט קומט זי פון דער אַרבעט, פאַלט מיך אַרום האלזען און קושן, — שיסט אוים מיט אַ געוויין און אַ ים טרערן האָבן זיך פון אירע שיינע אויגן גענומען גיסן. „ניין מוטערל! ניין! . . . שיק מיך מער אהין ניט אַרבעטן! איכ'ל מער אהין נישט גיין! — מוטערל! איכ'ל טאָן די שווערסטע אַרבעט, אָבער צוריק צום שניידער וועל איך נישט גיין!

וואָס? ווען? — איך קאָן גאָרנישט דערגיין. אינדערפרי בין איך אַוועק צום שניידער. „נו, וואָס?" זאָגט ער, „אַז אַ יונגער מאַן גיט אַ קוש, אָדער דריקט צו צו זיך, אָדער זאָגט עפּעס אַ נאַריש וואָרט, דאַרף מען אַנטלויפן?" די מיידלאַך האָבן מיך דערנאָך דערציילט. . . איר ווייסט דאָך די היינטיקע יונגע לייט. . . ס'איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן. אַזאַ ריין, אונשולדיק קינד! כ'בין געקומען אהיים און זאָג צו איר, אַז איך וועל איר געפינען אַן אַנדער אַרבעט. האָט ראָזע פאַר פרייד נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. (רחל הויבט זיך אויף)



רחל

איר זייט שוין זיכער מיד פון ריידן. איר וועט פיליכט טרינקען אַ גלאָז טיי? איין סעקונדע, וואַרט איך טראָג באַלד אריין. (זי גייט ארוים)

ברײנע

(נעמט גרישאַ'ס בילד פון עטאַזשערקע און קוקט) — אַזאַ איידעלע און טייערע נשמה! מיין קינד וואָלט זיכער גליקלאַך געווען פאַר אים, אָבער ער פאַרברייננגט מער אין טורמע ווי אויף דער פריי. (הויבט אויף די הענט) אָ, רבונו־של־עולם! באַשטראָף די מערדער וועלכע פאַראומגליקן אונזערע יונגע קינדער! . . . .

רחל

(קומט אריין מיט אַ טאַץ מיט צוויי גלעזער טיי, צוקער און עטלאַכע קוכענס)

טרינקט און כאַפּט וואָס איבער! איר זייט שוין זיכער הונגעריק.

ברײנע

אַ שיינעם דאַנק! (פאַנגט אָן טרינקען און שטעלט אוועק) — האָב איך ראָזע'ן אוועקגעגעבן אין אַ פּאַפּיראָסן־פאַבריק, דאָס האָב איך געדיינקט איז ערשטענס, אַ לייכטערע אַרבעט און צווייטענס, וועט זי פאַרדינען מער און איבערהויבט; אַרבעטן דאָרט מער מיידלאַך ווי מענער וועט זי זיך פילן בעסער אויך. ס'איז אוועק אַ קורצע צייט, ראָזע איז זייער צופרידן געווען און איך האָב מיך זייער געפרייט. אָבער אַביסל שפּעטער איך זע, אַז ראָזע ווערט פון טאָג בלאַסער און מאָגערער, — עסט ניט, שלאָפט ניט און פילט זיך זייער שלעכט. (זי טרינקט איר טיי) — רחל איז זייער אונגעדולדיג) כ'בין אוועקגעגאַנגען מיט איר צו אַ דאָקטאָר, און ווי

איבעראַשט בין איך געוואָרן! ער זאָגט: „איר זייט די מוטער פון דאָס קינד?” קוק איך אים פאַרוואונדערט. „יאָ” זאָג איך, — „אויב איר ווילט אייער קינד זאָל לעבן, טאָ נעמט איר אוועק פון דער פאַרפלוכטער אַרבעט, אויב נישט וועט זי די סאַכאָטקע באַקומען.

(זי טרינקט ווידער איר טיי)

### רחל

אוי! ווי איז מיר געשען! אוודאי איז דאָס אַ געפערלאַכע אַרבעט. מ'האָט מיך מיין לאָה'ן אויך נישט געראָטן אוועקצוגעבן צו אַזאַ אַרבעט.

### ברײַנע

כ'האָב דערהערט פון דאָקטאָר אַזעלכע רייד, זאָג איך: ניין! ניין אפילו ס'זאָל מיר אויסקומען אָן ברויט צו זיצן, וועל איך ניט לאָזן ראָ זע'ן ווידער גיין צו דער אַרבעט און צו פאַרניכטן דאָס לעבן פון מיין ליב קינד.

### רחל

(קוקט אויפ'ן זייגער און ווערט אומגעדולדיג)
נו, דאַרציילט שוין וואָס האָט פּאַסירט?

### ברײַנע

ס'איז אוועק עטלאַכע טעג. דער דלות האָט זיך באַ מיר אין שטוב אריינגעצויגן און איך האָב מיך קיין עצה ניט געקאָנט געבן וואָס מ'פאַנגט אָן צו טאָן; האָב איך איר אוועקגעגעבן אין אַ פאַב־ריק פון פּאַפּירענע קעסטלאַך, דאָס האָב איך געטראַכט איז פיליכט געזינטער ווי באַ פּאַפּיראָסן צו אַרבעטן. אָבער מיט צוויי טעג שפּע־טער, ווען מ'האָט אייער גרישאַ'ן אַרעסטירט האָט מען ראָזע'ן געבראַכט מיט אַ צוקאַליעטשעטן פינגער, און ווי זי איז פון אָנ־מאַכט אויפגעשטאַנען האָט זי מיר געטרייסט אַז מ'וועט איר



דערפאַר באַצאָלן.

### רחל

ווי אַזוי פאָרט האָט דאָס פּאַסירט?

### ברײַנע

זי האָט זיך פאַרטראַכט פאַר אַ סעקונדע און די מאַשין האָט איר האַנט צודריקט. (לאָזט אַרויס אַ לאַנגען קרעכץ) קען מען אויסהאַלטן פון די היינטיקע קינדער! . . .

### רחל

און ווי איז זי איצט?

### ברײַנע

אַ דאַנק בעסער, זי איז שוין אוועק צו דער אַרבעט.

### רחל

האָט זי וואָס באַקומען דערפאַר?

### ברײַנע

יאָ באַקומען! אַזוי פיל זאָלן אירע בעלי־בתים פאַרלעבן, פינף רובל, אַזוי האָבן זיי אויסגערעכנט איז ווערט אַ פינגער פון אַ רעכ־טער האַנט. „און דאַנקט גאָט דערפאַר, אַז מען אַרבעט טאָר מען נישט טראַכטן” אַזוי האָבן אירע בעלי־בתים מיר געענטפערט. (זי שווייגט אַ מינוט אין פאַרצווייפלונג) און איצט בלוטעט מיך ווי־דער מיין האַרץ. יעדער טאָג איז באַ מיר אַן אייביגקייט! . . . און ווען איך דערזע זי צוריק פון דער אַרבעט, דאַרף איך נישט קיין גרעסערן גליק.

(ס'הערט זיך טריט צו דער טיר און שרייענדיק אין דער הויך, אַזאַ באַנדיט! אַזאַ הונט!)

### שרה

(אַ מיטעל־יעריקע פרוי, אין אָרימע קליידער, מיט אַ טוך אויפ'ן קאָפּ, אַן אויפגערעגטע; — האַלט אַ בריוו אין האַנד)

אַ כפּרה זאָל ער איינעמען! אַ גאַנצע וואָך האָט ער דער הונט געהאַלטן דעם בריוו און באַ מיר ווערט דאָס האַרץ צופּלאַצט, שוין אַזאַ לאַנגע צייט פון לייזער'ן קיין בריוו נישט באַקומען! און ער דער הונט; דער שוואַרץ יאָר זאָל אים נעמען רבונו־של־עולם! צייגט מיך דעם בריוו; איך ווער צוזעצט, כ'ווער צופּלאַצט! און ער זאָגט צו מיר: "אַכציק טויזנט זשידעס זיינען פון דער יאַפּאַנישער קריג נאָך אַמעריקע אַנטלאָפן און דיין מאַן אויך! . . אָבער איצט . . . — איצט קען מען שוין נישט לויפן! . . . מ'וועט אייך ווי די הינט אַלעמען דערשיסן. (זי ברעכט אויס אין אַ געוויין) און ער דערמאָנט מיר דער שוואַרצער־מאַה'ניק: קישענעוו און ביאַלאָסטאָק, וואו מיין איינציק זון האָט זיין טויט געפונען, ווען ער האָט מיך גע־וואָלט רעטן פון אַ באַנדע מערדער. .(זי וויינט)

### רחל און בריינע

באַרואיגט אייך!

### בריינע

איכ'ל שוין גיין. געווג שוין אָנגערעדט היינט. גלויבט מיר! (ווענדט זיך צו רחל'ען) ס'איז דען אַלץ אויסצודערציילן: — אַ גאַנצער ים מיט צרות! . . . (פאַנגט אָן גיין צום טיר)

### רחל

יאָ, בריינע! זאָגט ראָזע'ן אויב זי קען זאָל זי אַריינקומען, כ'האָב דאָך איר אַזוי ליב! און גרישאַ וועט דאָך זיין אַזוי גליק־לאַך זי צו זען! . . .

### בריינע

יאָ, רחל, כ'וועל איר זאָגן. אַ גוטע נאַכט! גריסט גרישאַ'ן און



לאָה'ן. (גייט ארויס)

### רחל

(גייט איר נאָך ביז'ן טיר)
אַ גוטע נאַכט!

### שרה

רחל לעבן! איז גרישאַ אָדער לאָה דאָ אין דערהיים? איך וואָלט זייער וועלן זיי זאָלן מיר איבערלייענען דעם בריוו. ווען זיי לייענען מיר מיין בריוו, מיין איך, אַז אָט־אָט, שטייט לייזער און רעדט צו מיר; מיינע ליידן זיינען זייערע ליידן און מיינע פריידן — זייערע פריידן; אַזעלכע טייערע נשמות ווי דיינע קינדער האָב איך נאָך ניט געזען! . . .

### רחל

וואַרט אַביסל, די קינדער וועלן באַלד קומען פון דער אַרבעט.

### שרה

אויב זיי זיינען איצט ניטאָ, וועל איך אַריינקומען שפּעטער. — אַ גוטע נאַכט! (גייט ארויס)

### רחל

אַזעלכע אומגליקן! נישט צו לעבן איצט און געווג. . . (גיט אַ קוק אויפ'ן זייגער) אוי ווי איז מיר! אַזוי שפּעט! מ'דאַרף מאַכן וואָס צום עסן; די קינדער וועלן באַלד קומען. (זי גייט ארויס — די סצענע בלייבט אויף אַ ווײַלע פּוסט. — פון דערווייטנס הערט זיך די קלינגענדע שטימען פון לאָה'ן און ראָזע'ן. לאָה מיט ראָזע'ן קומען אריין)

### לאָה

(צו ראָזע'ן) אַז מען דערמאָנט דעם מלאך, קומט דער גלח!

איך גיי איצט און טראַכט: ווי אַזוי קען איך דיך זען, איך גיב אַ קוק דו שטייסט לעבן מיר.

ראָזע

(קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן, שטעלט זיך אָפּ לעבן אַ בילד און פאַרטראַכט זיך)
איז די מאַמע דאָ?

לאָה

זי וועט וואַרשיינלאַך באַלד אַריינקומען.

ראָזע

און גרישאַ?

לאָה

ער איז נאָך פון דער אַרבעט נישט געקומען. (קוקט אויף איר מיט דערשטוינונג) וואָרום שטייסטו מיט דער הוט? טו זי אויס! זײַ ניט פרעמד! עפּעס ביזטו ניט ווי אַלע מאָל, זײַ פריילאַך, זײַ מונ־טער! . . .

ראָזע

ס'איז גאָרניט, כ'בין נאָר אַביסל אָפּגעוואָרינט. שוין וויפיל? דאַכט זיך, ניין מאָנאַטן ווי גרישאַ איז אַרעסטירט געוועזן?

לאָה

באַלד קומט ער. ער וועט זיין אַזוי צופרידן, אַזוי גליקלאַך, דיך צו זען; גאָר פלוצלונג. ער האָט זיך היינט אויף דיר גאָר ניט געריכט און גראַד איז היינט זיין ערשטער טאָג ווי ער אַרבעט. ער וועט זיכער זיך נישט גוט פילן; אָבער אַז ער'ט דיך דערזען — פאַר־געסט ער פון אַלץ.



ראָזע

ווי? די גאַנצע צוויי וואָכן זינט ער איז באַפרייט האָט ער קיין אַרבעט ניט געקאָנט געפינען? ס'איז דאָך פאַראַן אַזוי פיל אַרבעט אין שטאָט! מ'זאָגט אַז עפּעס נייע פאַבריקן ווערן געעפנט און יעדער קאַן אַרבעט געפינען.

לאָה

יאָ, נייע פאַבריקן ווערן טאַקע געעפנט, אין וועלכע איבער דריי טויזנט מענטשן האָבן באַקומען אַרבעט. מענטשן וועלכע האָבן יאָרן לאַנג ניט געאַרבעט און גאַנצע וואָכן ניט געגעסן און גע־שלאָפן אין די גאַסן, האָבן איצט אַרבעט באַקומען; אָבער גרישאַ איז נישט נאָר צופרידן פון דעם דאָזיקן פלוצליקן גליק. . . נאָר ער באַ־דויערט זיי.

ראָזע

יאָ, באַדויערן דאַרף מען זיי טאַקע, ווייל זיי זיינען שקלאַפן און גייען אַרבעטן ניט ווען זיי ווילן און קאַנען: נאָר ווען מע באַפוילט זיי, אָבער וואָס קאַנען זיי טאָן? ניט גענוג וואָס זיי לאַזן זייערע פרויען און קינדער הונגערן גאַנצע מאָנאַטן, ווען זיי האָבן ניט וואוהין זיך צו פאַרקויפן, זאָלן זיי נאָך נישט גיין אַרבעטן ווען מ'רופט זיי? . . .

לאָה

אין די פאַבריקן וועלכע מ'האָט איצט געעפנט ווערט אַמוניציע געמאַכט: — שווערדן, ביקסן, האַרמאַטן, פולווער און נאָך אַזעל־כע טייוול־מאַשינען: אום צו דערמאָרדן איינע די אַנדערע, דורך די שפּאַזמעס און פאַנטאַזיעס פון עטלאַכע פּאַראַזיטן פון פאַרשיי־דענע לענדער. ניין! גרישאַ וועט אהין אַרבעטן נישט גיין! . . און איך בין גליקלאַך צו זען אין מיין ברודער, נישט נאָר אַ מענטשן פון פאַנטאַזיעס און טרוימען; נאָר פון פרינציפּן און טאַטן. . . אין אַנדע־

רע פּלעצער וואו מ׳קאָן אים, וויל מען אים ניט נעמען און דאַריבער איז אים אַזוי שווער אַרבעט צו קריגן.

ראָזע

יאָ, איך פאַרשטיי אים און פאַרשטיי זיינע האַנדלונגען; איך וויים אַז ער איז אַן ערלאַכע ריינע נשמה און דאַריבער טאַקע האָב איך אים אַזוי ליב! יאָ, אַלץ פאַרשטיי איך אין אים. צייטנווייז דאַכט זיך מיר: אַז איך בין ער און אין מיר זיצט זיין נשמה און ווען איך דיינק פון עטוואָס, בין איך זיכער, דאָס ניט איך דיינק עס, נאָר ער. . . און פאַר אים טו איך עס; און ווען איך האָב פריי־לאַכע און גליקלאַכע מאָמענטן, דיינק איך אַז ער לעבט דאָס אויך דורך, און ווען איך גיי און דערוואַרט מיט אומגעדולד, פריילאַכע און גליקלאַכע איבערלעבונגען, טו איך עס פאַר אים. . . ווייל איך בין זיכער אַז ער פילט דאָס זעלבע און לעבט איבער דאָס זעלבע: ווייל זיין נשמה איז אין מיר און מיר זיינעןביידע איינע.

לאָה

(נעמט זי אַרום און קושט איר)

און איך, כאָטש מיר קאָנען זיך גאָרניט לאַנג, דאָך דאַכט זיך מיר אַז מיר קאָנען זיך פון אייביק און אַז מיר זיינען צוזאַמען געבוירן געוואָרן און אין איין וויגעלע דערצויגן געוואָרן.

ראָזע

(רוקט זיך עטוואָס אָפּ פון איר און קוקט איר גלייך אין די אויגן)

יאָ, איך פאַרשטיי אים גרונטלאַך. ער האָט רייכע און איידעלע פאַנטאַזיעס און איז אַן ערלאַכער, אומערמידלאַכער קעמפער, פאַר א בעסערער צוקונפט; אָבער ער לעבט דאָך נישט אין דער צוקונפט; ער לעבט דאָך אין דער געגנוואַרט און די געגנוואַרט פאָדערט פּראַקטיק און וויל פון פאַנטאַזיעס ניט וויסן.



לאָה

האָסט רעכט מיין טייערע פריינט! דו רעדטסט איצט פון זיין אומפּראַקטישקייט אין דער איצטיקער, שווידערלאַכער געזעלשאַפט! אָבער ווי אַזוי קאָן א רעכט־דיינקעדיקער מענטש, אויב ער איז נאָר בא זיין פולן פאַרשטאַנד; טראָץ די אַלע פאַנטאַזיעס, אפילו פון פּראַקטישן שטאַנדפּונקט: קעמפנדיק זיין גאַנץ לעבן געגן די מער־דער, אַליין א מערדער ווערן? און גיין שאַפן די טייוול־מאַשינען, נאָך דעם באַפעל פון פאַלשע פאַטריאָטן, ספּעקולאַנטן און שווינד־לער; פאַר די אינטערעסן פון זייערע קעשענעס, זיך און די אַנדערע ברידער דערמאָרדן! ניין, ניין, ס׳איז שרעקלאַך! ווען איך וואָלט א מוטער געווען, וואָלט איך מיט מיינע אייגענע הענט, מיין אייגן קינד דערמאָרדעט און נישט דערלאָזן אים אַזעלכע פאַרברעכערישע טאָטן צו באַגיין.

ראָזע

(קוקט אויפן זייגער)

ווען דיינקסטו דאַרף ער קומען, גרישאַ?

לאָה

ס׳איז שוין האַלב נאָך זיבן, ער׳ט באַלד קומען — מיין אומגליק־לאַכער ברודער! . . .

ראָזע

וואָס? . . . אומגליקלאַכער ברודער? . . .

לאָה

דו זעסט זייער ווייט און זעסט נישט וואָס ס׳טוט זיך לעבן דיר.

ראָזע

דאָס איז זייער ריכטיק, מיר זיינען אַלע אַזוי; — אָבער וואָס

מיינסטו דערמיט?

### לאָה

האָסט גאָרניט געהערט, אַז אַ קריג פאַנגט זיך אָן מיט דייטש־לאַנד? ס'איז אויך מעגלאַך אַז פראַנקרייך, ענגלאַנד, עסטרייך, בעל־גיע און סערביע און דער שוואַרצער יאָר ווייסט נאָך, ווער ס'וועט זיך שלאָגן.

### ראָזע

יאָ, לאָה, כ'האָב געהערט פון דעם. . . כ'האָב געלעזן די לעצטע טעלעגראַמען און דערפאַר בין איך דאָ היינט געקומען. דו ווייסט דאָך אַז ס'איז זייער ריזיקאַליש פאַר מיר, צו אייך אין הויז צו קומען: אָבער כ'בין געקומען; כ'בין גוט אויפגעלייגט און צופרידן און מיר גלויבט זיך גאָרנישט , דאָס אַזעלכעס זאָל געשען. כ'וואָלט וועלן זען גרישאַ'ן אַ גליקלאַכן, צופרידענעם, כאַטש אויף איין שטונדע! . . . דערפאַר האָב איך מיט דיר פון דעם נישט גערעדט. (פּאַוזע) מיין אומ גליקלאַכער גרישאַ!

(די טיר עפנט זיך און שרה קומט אַריין מיט'ן בריוו אין האַנט)

### שרה

לאָה, דו ביזט דאָ? און דו ראָזאָצקע (גיט איר די האַנד און קוקט אויף איר פאַרבונדענער האַנט) — וואָס מאַכסטו ראָזעלע! וואָס הערט זיך בא אייך אין שטוב־ וואָס מאַכט די מאַמע? (ווענדט זיך צו לאָה'ן) וואו איז די מאַמע? זי איז נאָך פון גאָס נישט געקומען? — לאָה'לע, דו ווייסט נאָך וואָס איך בין איצט גע־קומען? — איך וויל דו זאָלסט מיר דעם בריוו איבערלייענען. (דאַר־לאַנגט איר דעם בריוו) דאָס איז פון פעטער פון אַמעריקע, איך דער־קען עס נאָך די מאַרקעס.

### לאָה

אָ, מומע! מיט פאַרגעניגען.



נעמט דעם בריוו, עפנט און פאַנגט אָן לעזן)

ניו־יאָרק, דעם צוואַנציקסטן מאַי, טויזנט פערצן.

טייערע פרוי שרה און קינדער לעבן זאָל. כ'קאָן אייך מעלדן, אַז איך בין אַ דאַנק גאָט געזונט, איך אַרבעט און מאַך — אַ לעבן. און צווייטנס, אַז בא אונז אין אַמעריקע פאַנגען זיך אָן גוטע צייטן. ס'וועט זיכער ווערן אַ מלחמה אין אייראָפּאַ, אַזוי רעדט מען בא אונז אין אַלע צייטונגען און דעריבער עפנט מען אַסך נייע פאַבריקן וואו מ'וועט פאַר גאַנץ אייראָפּאַ מאַכן געווער אום זיי זאָלן זיך איינע די אַנדערע אויסקוילענען. דעם אמת געזאָגט, בין איך זייער צופרידן; ס'וועט ווערן אַביסל לבעדיקער — ווייל צענד־ליקע טויזענטער מענטשן גייען פּשוט אוים פון הונגער, איז וואָס איז ניט אַלץ איינס — שטאַרבן פון הונגער, אדער פון אַ ביקס, אדער שווערד? און אויף די אַמעריקאַנער אַרבעטער, איז שוין לאַנג צייט גאָט זאָל רחמנות האָבן און זיי העלפן. בקיצור, כ'בין גאָרניט דאַ־נעגן, אָבער ווען איך דערמאָן מיך אָן גרישאַ'ן רייסט מיר אוים דאָס האַרץ און מיר וואָלט זיך דאָס גאַנצע גליק ניט וועלן. ווען ער וואָלט קאָנען קומן נאָך אַמעריקע; אַ יונגער מאַן, אַ געזונטער, ער וואָלט זיכער מאַכן אַסך געלט און מיר וואָלטן אַלע רואיק געוועזן: ווייל פון דער גאַנצער פאַמיליע פון די אַלע מענער, איז נאָר איין גרישאַ געבליבן אין דערהיים און די אַלע איבעריקע האָט דער גר־טער יאָר נאָך אַמעריקע אַוועקגעטראָגן. ליבע שרה! דאָס וואָס דו פרעגסט מיר וועגן" דער שיינקייט פון אַמעריקע" בין איך זיכער, אַז דו האָסט עס אין דערהיים ניט געזען און וועסט דאָס ניט זען. אין אַמעריקע מוז מען קומען צו דער אַרבעט אין דער צייט. מען טאָר אויף איין סעקונדע ניט פאַרשפּעטיקן און אַלע פליען צו דער אַרבעט ווי פאַר'סם'טע און אין איין צייט. ס'זיינען דאָ באַנען גאָר אונטען אין דער ערד, אויף דער ערד און אויף די דעכער, און אי־בער די אַלע — נאָך איינער. אַלע פליען זיי ווי דער טייוול וואָלט זיי יאָגן. אָפּטמאָל מאַכט זיך; דאָס דער גאַנץ אויבערשטער באַן

שלאָגט זיך אָן אָן זיינעם א חבר, אָן נאָך א באָן; אָדער דער גאָר אויבערשטער — אָנגעלאָדן מיט מענטשן וועלכע פאָרן מאַכן א לעבן, דערשרעקט זיך פאַר זיך אליין און — פאַלט אראָפּ אונטן און א פּאָר טויזנט מענטשן ווערן צוריבן, צוקוועטשט. — איז וואָס? די גויאישע צייטונגען זיינען פארנומען מיט אָנרייצן אמעריקע צו קריג: ווי געלט צו מאַכן, ספּעקולירן, שווינדלען, וכדומה. . . און די יידישע צייטונגען; זיינען פאַרנומען מיט'ן גט'ן יעדן טאָג די פרויען און מענער, — ווי אזוי די מענער אנטלויפן פון זייערע פרויען און פרויען פון זייערע מענער און גיט "פרייע" עצות ווי אזוי זיי צו כאַפּן און נאָך אזעלכע סענסאַציאָנעלע געשיכטען; אלזאָ, זיינען זיי אזוי פאַרנומען, אז זיי האָבן אפילו קיין צייט ניט צו שרייבן די נעמען פון די דער'הרג'טע און שרייבן: דער עלעווייטאָר איז ארונטער און דרייצען דער'הרג'עט. אויב אייך פעלט ווער פון אייער הויז — גייט און געפינט זיי. פאַר די "קארס" מוז מען זיך זייער היטן; ווייל אז גאָט העלפט, מען גייט ארויס א לעבעדיקער פון באָן, קומט אונטער א "קאַר" און האקט דיך אונטער די פיס. איך האָב דאָס אלץ געזען מיט מיינע אויגן. אָבער שלמה לעזט אלע טאָג די "פּייפּערס" און ווייסט פון אסך זאַכן פון וועלכע ער'ט דיר שרייבן. מיט איין וואָרט, ווי נאָר דו וועסט דערהאַלטן מיין בריוו, גיב עס איבער צו גרישאַ'ן און זאָג אים, דאָס אויב ער וויל קומען אין אמעריקע, זאָל ער גלייך שיקן א טעלעגראַמע, וועל איך אים ארויסהעלפן מיט א ביסל געלט. אין אמעריקע וועט ער נישט פארפאלן ווערן און מער געלט פאַרדינען זיכער און איבערהויפּט — אין דער צייט. גרים די קינדער און אלעמען. . .

פון מיר דיין געטרייער מאַן, לייזער.

שרה

(שטעלט זיך) איך דאַנק דיר לאה'לע. כ'האָב אזוי ליב צו הערן ווי דו לייענסט פאַר מיר א בריוו. איך וועל אים לאָזן דו זאָלסט



עס לייענען פאַר דער מאַמען און איך וועל גיין אהיים. א גוטע נאכט קינדער. (זי גייט ארויס)

(ראָזע און לאה שווייגן, קוקן ליבלאַך איינע אויף די אַנדערע)

ראָזע

ס'וואָלט זיכער געווען א גוטע זאַך, ווען ער פאָרט נאָך אמע־ריקע. ער וואָלט פּטור געוואָרן פון די אלע שרעק און ליידן.

לאָה

יאָ, ראָזע, רייד מיט אים איבער, פיליייכט: אָבער איך צווייפל אויב ער וועט דאָס וועלן — מיין אומגליקלאַכער ברודער.

(די טיר עפענט זיך און רחל קומט אריין מיט אַן אָנגעלאָדענע האַנט־קאָרב אין איין האנט און אין דער צווייטער — האלט זי א בריוו — דאַרזעט ראָזע'ן. זי שטעלט אוועק די קאָרב אויפ'ן טיש)

רחל

וואָס מאַכסטו? וואָס מאַכט דיין האַנט? (גייט צו נענטער) שעמען זאָלסטו זיך! אזאַ לאַנגע צייט צו אונז נישט צו קומען. (ווענ־דעט זיך צו ראָזע'ן) און גרישאַ ווייסט אז דו ביזט דאָ? איז ער שוין געקומען פון דער ארבעט?

לאָה

ער איז נאָך נישט געקומען, אָבער ער וועט באַלד געווים קומען.

רחל

(דערלאַנגט דעם בריוו לאה'ן) דאָס איז א בריוו פון טאַטן (זיפצט) גאָרנישט, גאָרנישט צו קויפן! בראַנד־טייער, כאָטש נעם און עס טרוקען ברויט און ריר זיך צו קיין זאַך נישט צו. עפּעס ריידן די ווייבער אין מארק דאס דייטשלאַנד, עסטרייך, מלחמה; אָבער איך הויב נישט אָן צו פאַרשטיין. איר זייט שוין זיכער הונגעריק קינ־

דער, שוין, שוין מאַך איך וואָס.

לאָה

באַאומרואיק זיך נישט מוטער, ס'מאַכט נישט אויס, רו זיך אָפּ אַביסל. מוטער, כ'האָב אַ בריוו פון פעטער; די מומע איז דאָ געוועזן און איך האָב אים פאָר איר געלעזן.

רחל

וואָס שרייבט ער דער פעטער?

לאָה

ער שרייבט, אַז מ'רעדט זייער פיל פון אַ מלחמה מיט רוסלאַנד און אין אַמעריקע איז פאַראַן זייער פיל אַרבעט, און ער בעט גרישאַ זאָל קומען אין אַמעריקע און אויב ער וויל פאָרן, זאָל ער אים שיקן אַ טעלעגראַמע, וועט ער אים אַרויסשיקן געלט.

רחל

זייער שיין פון זיין זייט. אוי! וואָלט איך צופרידן געוועזן, ווען גרישאַ זאָל וועלן פאָרן; כאָטש איך מוז אָנקומען צו זיין הילף — אָבער ווען אַ מלחמה זאָל חס וחלילה ווערן — דאַן וועט ערגער זיין.

לאָה

יאָ, מוטער, מ'דאַרף זען וואָס דער טאַטע שרייבט. (פאַנגט אָן לעזן.

ניו־יאָרק, פינף און צוואַנציקסטן מאַי, ניינצען הונדערט פערצן.

טייערע פרוי רחל און קינדער לעבן זאָל. ערשטנס, קאָן איך אייך מעלדן, אַז איך בין אַ דאַנק דעם אייביגן אין פאָלקאָמען געזונט, דאָס נעמליכע פון אייך צו הערן. און צווייטנס: איך אַרבעט צו ביסלאַכווייז און מאַך אַ לעבן. יאָ, טייערע פרוי און קינדער! איך אַרבעט נאָר צו ביסלאַכווייז און דאַנק גאָט דערפאַר. ס'איז זייער שווער פאַר אַן אַלטן מאַן ווי איך, אַרבעט צו קריגן. אמת, איך בין נאָך איינגאַנצן זעקס און פערציק יאָר אַלט. אָבער מ'שרייבט אין די צייטונגען: "יונגע מענטשן פאַרלאַנגט, שטאַרקע מענטשן פאַרלאַנגט, גראָבע, הויכע, ברייטע, א. ז. וו." אויף מיר ווילן זיי שוין נישט קוקן. אָט אַזוי איז אין אַמעריקע. טייערער זון! דאָס בעסטע וואָלט געווען פאַר דיר צו קומען אין אַמעריקע. דו ביזט נאָך יונג און געזונט קיין עין־הרע, דו'סט זיכער קריגן אַרבעט. ס'איז יעצט פאַראַן אַזוי פיל אַרבעט אַז מען אַרבעט גאַנצענע נעכט; שוין ניט ריידנדיק פון די געלט וואָס דו קאָנסט פאַרדינען, דער עיקר, דו וועסט ראַטעווען דיין לעבן; ווייל דאָס לעבן דיינער, טייערער זון! איז אין געפאַר. מ'וועט זיך זיכער שלאָגן, אַז ניט — וואָרים מאַכט מען אַזוי פיל ביקסן, האַרמאַטן, קוילן, שיפן? וואוהין וועלן זיי דאָס אַלץ הינטאָן, ווען קיין מלחמה וועט ניט זיין? ווען זיי וועלן זיך שלאָגן ווייסן די "פייפערס" נישט. אַסך לצים זאָגן: "אַז די קסרים באַ אייך אין אייראָפּע ריידן זיך פריער דורך איינער מיטן אַנדערן און באַשטימען וועלכן טאָג מ'זאָל זיך נעמען שלאָגן; און ווען אַלץ איז אָפּגערעדט, אָפּגעמאַכט — פאַלן זיי אָן איינע אויף די אַנדערע. ניט די קסרים פאַלן אָן — נאָר זיי שיקן די מענשן זייערע, טאַקע אין דעם באַשטימטן טאָג און יעדער איינער פון זיי שרייט: אַז ניט ער, נאָר דער אַנדערער איז אָנגעפאַלן און אַזוי שלאָגט מען זיך אַזוי לאַנג איינע מיט די אַנדערע, ביז וואַנען מ'צושיסט אַלע קוילן, — מ'פאַרברענט און מ'צוקלאַפּט אַלע ביקסן און האַרמאַטן, מען דערטרינקט אַלע שיפן און ווען מ'הרג'עט אויס מיליאָנען מענטשן, פאָרט מען דערנאָך אַוועק אין האַאַג; און מ'שליסט פרידן."

טייערע פרוי! אַזוי ריידן נור לצים, איך אַליין פאַרשטיי ניט פיל. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז אַביסל זאָגן זיי אמת. אַמעריקע איז אַ טייער לאַנד און אַז מ'האָט געזונט און יאָרן און דער עיקר שכל, קען מען מאַכן מאַיאָנטקעס מיט געלט. דאַרשרעקט זיך ניט קינדער, מיינט נישט, אַז איך און דער פעטער האָבן געלט; נאָר דאָרטן זיי־

נען פאַראַן אַזעלכע נגידים מיט די נעמען: ראָקנפעלער, פאָרד, וואַנ־דערבליטה, מאָרגאַן און נאָך אַנדערע, וועלכע איך קען ניט; זיי האָבן אַזוי פיל געלט אַז זיי אַליין ווייסן ניט וויפיל זיי פאַרמאָגן. אָט דאָ ניט לאַנג האָט פּאַסירט, אַז די אַרבעטער בא ראָקענפעלער׳ן האָבן נישט געוואָלט מער אַרבעטן ווי פופצן שטונדן אַ טאָג און פאַר אַ לוין, וועלכע איז זיי אויף ברויט ווייניק געווען, האָט מען זיי געבעטן זיי זאָלן גיין צוריק צו דער אַרבעט און די אַרבעטער האָבן זיך אַנטזאָגט. האָט דער נגיד ראָקענפעלער גערונגען מענשן און מ׳האָט אין די אַרבעטער און זייערע קינדער געשאָסן און זייערע אָרעמע הייזלאַך צוזאַמען מיט זייערע קליינע קינדער אונטערגע־צונדן, וואו צענדליקע אומשולדיקע קינדערלאַך זיינען אויף טויט פאַרברענט געוואָרן; האָבן עטלאַכע צייטונגען גענומען שרייבן וואָ־רום מ׳לאָזט אַזעלכע פאַרברעכנס פריי און פראַנק גענן אַרימע אַרבעטער דורכפירן, האָט מען ראָקענפעלער׳ן גערופן אין סוד. ״אדוני ראָקענפעלער! וואָרום האָסטו מענשן גערונגען, מ׳זאָל שיסן און פאַרברענען די אַרבעטער און זייערע קליינע עופעלאַך? און וואָ־רום גיסטו ניט עטוואָס מער געהאַלט דיינע אַרבעטער, זיי זאָלן קאָ־נען אַ בעסערן לעבן מאַכן?״ — האָט אים געפרעגט דער ריכטער. — ״גלויבט מיר, איך וויים נישט, וויפיל כ׳האָב היינטיקן יאָר גע־מאַכט, וויפיל כ׳פאַרמאָג און וויפיל ס׳באַקומען מיינע אַרבעטער״ נו, איצט זעט איר שוין, אז מ׳האָט שכל אין אַמעריקע, איז גוט. (לאָה שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלע)

רחל

וואָס זאָגסטו צום טאַטען, ער איז געוואָרן גאָר אַ גאַנצער פי־לאָזאָף! — זע אַ שרייבן! עפּעס אַ פאַרגעניגן צו הערן.

ראָזע

זייער אינטערעסאַנט. בא אונז אין רוסלאַנד ווייסט מען פון



דעם גאָרנישט.

לאָה

(פאַנגט ווידער אָן לעזן)

אַלזאָ, מיין ליב קינד! שיק גלייך אַז דו ווילסט קומען, וועל איך דיר אַרויסשיקן אַ שיפס־קאַרטע. די צייט איז זייער קורץ: אויסשרייבן אַלץ איז אוממעגלאַך און יעדן טאָג קען־די מלחמה חס וחלילה אויס־ברעכן. זייט געזונט און גריסט אַלעמען. — פון מיר דיין מאַן און פאָ־טער, שלמה. — פּ. ס. — שרייבט גלייך ענטפער, איך וואַרט מיט אומגעדולד. (זי לייגט אַוועק דעם בריוו אויפן טיש) — ס׳וואָלט זייער גוט געווען, ווען גרישאַ זאָל פאָרן, אָבער! . . .

רחל

אָה! . . ווען ער זאָל ניט זיין אַזוי איינגעשפּאַרט! ווען ער וואָלט פאָרן! (קוקט אויפן זייגער) וואָרום איז ער נאָך ניטאָ? — אַלעמאָל איז ער שוין אין דער צייט אין דערהיים. איכ׳ל אריינ־טראָגן וואָס צום עסן. (גייט ארויס)

ראָזע

וואָס זאָגסטו לאָה, ער׳ט פאָרן?

לאָה

איך צווייפל!

ראָזע

און אויב איכ׳ל מיטפאָרן מיט אים?

לאָה

פיליכט. . . . אבער די מוטער דיינע וועט דיך ניט אפּלאָזן, ווייל דו ביזט דאָך איצט איר גאַנצע שפּייזערקע.

### ראָזע

ס'איז אמת, ס'וואָלט מיר זייער דאָס האַרץ וויי־געטאָן, זיך צושיידן פון מיין מוטער, זי איז אַזוי עלנט! אַזוי אומגליקלאַך! (פּאַוזע) אָבער פאַר גרישאַ'ן וואָלט איך אַלץ געטאָן. . .

### לאָה

(גייט צו צום פענסטער) קום צו! זע, גרישאַ גייט!

### ראָזע

(גייט שנעל און קוקט אין פענסטער)

זיין געזיכט איז אַזוי פאַרטרויערט! אומעטיק און מיד! (צו לאָה'ן) זע ווי לאַנגזאַם ער גייט, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן; ער מוז שווער אַרבעטן, אָדער מ'האָט אים פון דער אַרבעט אָפּגעזאָגט און פיליכט ווייסט ער שוין פון די שרעקלאַכע נייס!

### לאָה

ער איילט זיך נישט, אָבער ווען ער זאָל וויסן אַז דו ביזט דאָ; וואָלט ער שוין שנעלער געגאַנגען. ער האָט דאָך דיך אַזוי ליב! . . . (זי כאַפּט אָן ראָזע'ן פאַר דער האַנט) שנעלער! באַהאַלט זיך! אָט, אָט־דאָ. (שטופּט איר אין אַ ווינקל, וואו ס'הייגנען אסך קליידער און כאַפּט איר הוט און לייגט אַרונטער אונטערן טיש) — זאָלסט זיך פלוצלונג באַווייזן (לאַכט) ער'ט ניט וויסן פון וואַנען דו קומסט און גלייך דו וועסט זען, זועט זיין מידטקייט און טרויער פאַרשווינ־דען און וועט זיך אָן אַלץ פאַרגעסן.

(ראָזע באַהאַלט זיך) ש־ש־אַ־אַ! ער גייט! אָט אַזוי, אַזוי.

(גרישאַ קומט אַריין)

### גרישאַ

(פינף און צוואַנציק יאָר אַלט, מיטעלער געוואוקס, מאָגערן



געזיכט, טונקעלע, לאַנגע האָר, ניט פאַרקעמט; אין ריינע אַרבעטס־קליידער)

גוט אָוונט! (זעצט זיך באַם טיש, זייער אויפגערעגט) דאָס וואָס זיי האָבן יאָרן לאַנג געפּלאַנט איז געשען! און ס'האָט געמוזט געשען! — יאָ, מ'נעמט זיך פאַר די העלזער איינע די אַנדערע, נאָך דעם באַפעל פון עטלאַכע פאַלשע פּאַטריאָטן. באַלד! באַלד! פאַנגט מען אָן ראַבעווען, שלאָגן, ברענען, פאַרגוואַלדיקן און . . . (פּאַוזע) אָבער ניין! דאָס וועט נישט פאָרקומען! ס'איז אוממעגלאַך! צופיל האָבן די מערדער זייערע שקלאַפן געלערנט און אָפן אַלץ באַוויזן און די שקלאַפן, פאַרהאָף איך, האָבן שוין גענוג געלערנט. יאָ! זיי האָבן די געלעגנהייט געהאַט — די פּאַראַזיטן האָבן זיי עס געגעבן. (זייער אויפגערעגט) — ס'וועט נישט פאָרקומען! ס'וועט נישט גע־שען! — ס'איז אוממעגלאַך! . . .

### לאָה

וואָס איז גרישאַ? . האָט מען דיר פון דער אַרבעט אָנטזאָגט?

### גרישאַ

פון דער אַרבעט! דיינקסטו דען, דאָס די אַרבעט איז מיין גאַנץ גליק, און ווען כ'זאָל נישט אַרבעטן: וואָלט איך אומגליקלאַך גע־ווען? — צום טייוול! צום טייוול! . . .

### לאָה

פאַרצווייפל ניט גרישאַ! ס'איז דאָ יעצט גענוג אַרבעט. דו וועסט קריגן אַרבעט. (ראָזע גייט אַרוים זייער שטיל, גנב'ענדיק זיך צו גרי־שאַ'ן, נעמט אים אַרום מיט אירע הענט אַרום זיינע אויגן, לאָה לאַכט) כאַ־כאַ־כאַ־כאַ, טרעף ווער דאָס איז?

### גרישאַ

(טאַפּט די הענט) איז דאָס די מוטער מיט מיר היינט אַזוי

צערטלאַך? אָבער איך געדיינק ניט קיין צערטלאַכקייט פון מיין מוטער. (וויל זיך באַפרייען, רייסט זיך) ניין, דאָס איז ניט די מוטער! בא דער מוטער זיינען די הענט קעלטער. (טאַפּט די פינגער) און אַזעלכע צערטלאַכע פינגער! ווער איז דאָס?

### ראָזע

(זינגט) ''שטייט אויף איר אַרבעטער אין מאַסן און מאַכט פון שקלאַפעריי אַן ענד" . . .

### גרישאַ

(רייסט זיך אַרויס) ראָזע! (דריקט זי צו זיך) האָסטו דאָס מיט מיר אַזאַ פיינע שפּיל געשפּילט? (קושט זי) — וואָס מאַכסטו? לאָז מיך אַ קוק טאָן אויף דיר. די זעלבע, — די זעלבע ווי געוועזן! . . . נאָר אַביסעלע עלטער, בלאַס, אַביסעל בלוי אונטער די אויגן. — דו אַרבעטסט שווער?

### ראָזע

ניין, ניין, גרישאַ! רייד ניט פון דער אַרבעט. דערציילֿ מיר בעסער ווי אַזוי ס'איז דיר געגאַנגען? ווי פילסטו זיך? און וואָרום ביזטו אַזוי פאַרטרויערט און בייז? כ'בין ניט געוויינט גרישאַ, דיר צו זען אַזעלכן.

### גרישאַ

(נעמט איר אָן פאַר אַ האַנט)

גאָרנישט, דו ווייסט דאָך דאָס לעבן! קליינינקייטן פאַרביטערן דאָס לעבן. קליינינקייטן פאַרדאַרבן און פאַרוויסטן מיליאָנען מענטשן. . . . (פּאַוזע) ראָזע! זינג, זינג דאָס וואָס דו האָסט אָנגעפאַנגען. . . דיין שטימע איז אַזוי זיס! אַזוי צערטלאַך! נאָך זיסער ווי פריער און די ליד האָב איך אַזוי ליב צו הערן און ווען ס'קומט נאָך פון דיין מויל. . .



### ראָזע

דו ביזט זיכער הונגעריק, גרישאַ. איך גיי זאָגן די מאַמען אַז דו ביזט געקומען און איכ'ל דיר אַריינטראָגן וואָס צום עסן. . . (זי פאַנגט אָן גיין און קערט זיך אום צוריק) גרישאַ, אָט איז אַ בריוו פון טאַטען, כ'האָב אויך אַ בריוו פון פעטער. (דערלאַנגט אים ביידע בריוו און גייט אַרויס)

### גרישאַ

(קוקט אויף ראָזע'ן און שטעלט זיך אַוועק און נעמט איר אָן פאַר די הענט)

שוין עלף מאָנאַטן ווי איך האָב דיך ניט געזען. דו ביזט ניט פיל פאַרענדערט געוואָרן, דו ביזט אָבער פיל שענער געוואָרן. דיינע אויגן זיינען נאָך גרעסער און טיפער און דיין פּנים אַזוי מילד! אַזוי צערטלאַך! . . . (ער נעמט איר אַרום)

### ראָזע

עלף מאָנאַטן? ניין, ס'איז עלף יאָר געוועזן! אַך, וואָס'אַרע לאַנגווייליקע, שרעקלאַכע טעג און — שלאָפלאָזע, פינסטערע נעכט, כ'האָב פאַרבראַכט! (פּאַוזע) איז דיר זייער שלעכט געוועזן אין טורמע? כ'בין נאָך קיינמאָל אין אַ טורמע ניט געוועזן; אָבער כ'האָב געלעזן אַז ס'איז זייער שלעכט.

### גרישאַ

יאָ, מיין טייערע, זייער שרעקלאַך! זייער שלעכט. איז דאָס לעבן פון אַן אַרעסטאַנט. די ווענט — געפערלאַך גראָב, זייער שמוציק; קיין ליכט, קיין לופט; האָסט ניט קיין פּלאַץ ביי טאָג צו זיצן און וואו די נאַכט צו שלאָפן. דער פּלאַץ איז פון מייז און אַלערליי שרצים פאַרנומען. — געפערלאַך קאַלט אין ווינטער און שרעקלאַך היים אין זומער. אָבער דאָס אַלץ איז גאָרנישט נעגן דעם. וואָס

מענטשן וועלכע זיינען אבסאלוט א פלוך פאר דער געזעלשאפט, האבן דאס רעכט צו בארויבן דיין פרייהייט און מאטערן דיין גייסט און קערפער. (זיין געזיכט ווערט ווידער פארטרויערט)

### ראזע

ס'ארא נאר איך בין! כ'האב דיך געוואלט זען א גליקלאכן, — ווארום דארמאן איך דיר אן דעם אלץ.

### גרישא

יא, ראזאצקע! רייד מער פון דעם און פרעג מיך מער פון די אלע שרעקלאכקייטן, וועל איך זיין מער שטאלץ און צופרידן; דאס מיין בעסטער פריינט אין לעבן, מיין ליבסטע און צערטלאכסטע נשמה, פרשטייט און פילט, אט די אלע גרויסזאמקייטן און ראכע! ראכע־געפילן, פאר דיין ליידן. . . פאר מיין ליידן. . . און פאר די ליידן פון אונזערע אומגליקלאכע שוועסטער און ברידער: וועט זיך אין דיר דערוועקן און וואס מער — אלץ בעסער. (קושט זי) אנ־שולדיק מיך איין אויגנבליק, איך וויל זען וואס דער טאטע שרייבט. (עפנט דעם בריוו און קוקט אים דורך) דו האסט שוין דעם בריוו געלעזן?

### ראזע

יא, גרישא.

### גרישא

וואס זאגסטו דארויף?

### ראזע

וואס זאל איך זאגן? ווען דו זאלסט וועלן פארן! דאן פארלאז איך מיין ליבע מוטער און אלע מיינע פריינט און פאר מיט דיר. מיר וואלטען אזוי גליקלאך געווען, טייערער גרישא!



### גרישא

טייערע ראזאצקע! ס'איז אוממעגלאך איצט פאר מיר צו פארן און אפילו ווען איך האב די מעגלאכקייט — קאן איך נישט און טאר נישט פארן. . . (פאוזע) ווארום ווייזן זיך טרערן אין דיינע אויגן?

### ראזע

דאס זיינען טרערן פון פרייד, ווייל איך זע דיך; רייד מיט דיר ווי מיט עלף מאנאטן צוריק. (מיט א וויינענדיקן טאן) כ'האב געמיינט, אז מיר וועלן זיך שוין מער קיינמאל ניט זען!

### לאה

(טראגט א טאץ מיט גלעזער טיי און ברויט, שטעלט עס אוועק אויפן טיש, רחל גייט הינטער איר)

### רחל

ווארום אזוי שפעט גרישא? אלע ווארטן אויף דיר. (זעצט זיך) האסט שוין איבערגעלייענט דעם בריוו?

### גרישא

יא, מוטער!

### רחל

נו, וואס זאגסטו דערצו?

### גרישא

צו וואס?

### רחל

ווענן 'פארן אין אמעריקע. . . .

### גרישא

פארן אין אמעריקע?

רחל

אָה, מיין קינד! ווען דו זאָלסט דאָס טאַקע ווערן, וואָלט איך פון אונטער דר'ערד אויף ברויט געזוכט און גערן הונגער געליטן. ווען איך וואָלט קיין זאַך נישט געפונען, אבי דיין לעבן צו ראַטעווען.
(פאַנגט אָן וויינען)

גרישאַ

וויין נישט מוטער, וויין נישט! נאָך אַמעריקע פאָרן קען איך נישט און טאָר נישט.

לאָה

אָבער אין אַזאַ שרעקלאכער צייט! ווען דיין לעבן הייננט אויף אַ האָר, ווערסטו נאָך בלייבן מיט דיזעלבע פרינציפּן און זיך אויף אַ האָר ניט בויגן?

ראָזע

(קוקט אויפן זייגער) איך וועל שוין גיין. ס'איז שוין שפּעט. (צו גרישאַ'ן) איכ'ל מאָרגן אָוונט זיין. איכ'ל קומען פריער. — דו אַרבעטסט מאָרגן?

גרישאַ

מאָרגן? קיינער אַרבעט ניט מאָרגן. — ווייל. . .

ראָזע

וואָרום?

רחל

(שטעלט אויס די אויגן)
וואָס?



גרישאַ

מ'ערוואַרטעט יעדן מאָמענט, מ'זאָל קריג דערקלערן און דאָן —

רחל

(ברעכט אויס אין אַ געוויין)
מיין אומגליקלאַך קינד!

ראָזע

(אומאַרעמט אים)

מיין טייערער גרישאַ! קאָנסטו שוין נישט פאָרן? איז נאָך פילייכט מעגלאַך אַז דו זאָלסט פאָרן? דאָן וועל איך אַלץ פאַרזעצן. דו זעסט די עטלאכע פינגערלאַך, וועלכע איך טראָג. מיינע אויער־רינגלאַך: איכ'ל אַלץ מעגלאַכעס טאָן כדי צו קריגן פאַר דיר גענוג געלט צו פאָרן. — ראַטעווע זיך! ראַטעווע זיך! . . . — מיין טייערער גרישאַ! (קושט אים) אַלזאָ באַדיינק זיך, איך קום מאָרגן.

גרישאַ

(נעמט זי פאַר אַ האַנט)

טייערע ראָזע! מאָרגן. . . מאָרגן, וועל איך זיין פאַרנומען דעם גאַנצן טאָג. איך באַדויער זייער און בעט אַנשולדיק מיך! אַנשולדיק מיך טייערע! כ'קאָן נישט אַנדערש. ווי נאָר איך וועל פריי זיין, וועל איך דיר לאָזן צו וויסן. (דריקט איר די הענט און קושט איר)
אַלזאָ, צום ווידערזען! (באַגלייט זי צום טיר) אַ גוטע נאַכט! . .
(זי גייט אַרויס)

רחל

אָבער ווי אַזוי פאָרט? — אַז מ'וועט דיך קומען נעמען: דאָן

גרישאַ

איך טאָר נישט, — איך קאָן נישט און מוז דאָ בלייבן און

אויף מלחמה וועל איך נישט גיין. . . שרעק זיך נישט מוטער.

רחל

אָבער ווי אַזוי פאַרט? — אַז מ׳וועט דיך קומען נעמען; דאַן וועסטו מוזן גיין.

גרישאַ

מען האָט נאָך דערווייל קריג נישט דערקלערט און ס׳איז נאָך צייט צו טאָן אסך. מאָרגן רוף איך צונויף אַ מיטינג און מיין מאָטאָ וועט זיין: ״בעסער די רעוואָלוציע באַ זיך אין דערהיים, איידער דעם קריג״ און איך בין צופרידן, וואָס איצט האָבן די אַרבעטער די געלעגנהייט, אין דער פּראַקטיק צו ווייזן, אַז זיי זיינען דאָס וואָס זיי רופן זיך: אַז דער נאָמען קעמפער איז ניט נאָר אויפ׳ן פּאַפּיר, נאָר אין דער ווירקלאַכקייט. יאָרן לאַנג האָבן זיי געגן מיליטאַריזם געקעמפט, וועלן זיי איצט קיין סאָלדאַטן נישט ווערן; יאָרן לאַנג האָבן זיי געלערנט ווער זייערע שונאים זיינען, וועלן זיי איצט נישט גיין זיי פאַרטיידיקן.

לאָה

הלואי זאָל איך זען וואָס איך הער.

גרישאַ

ס׳איז מיין פליכט שוועסטער! אין דער צייט, טאַקע אין דער שרעקלאַכער צייט; מיין שטימע פאַר גערעכטיגקייט אויפהויבן און זאָל דער גלאָק פון פרייהייט קלינגען און די קנעכט זאָלן זיך אליין באַפרייען. אליין — אליין. . . מ׳וויל אונז איצט אין די מיליאָנען אויסשלאַכטן און די איבערגעבליבענע נאָך מער פאַרשקלאַפן! — ס׳איז מיין פליכט, ס׳וואָלט געווען איינע פון די גרעסטע פאַרברעכן; ווען איך זאָל צוליב מיין פערזענלאַכע באַקוועמליכקייט און געלעגנהייט, איצט צו פאַרלאָזן רוסלאַנד — אפילו ווען איך ווייס



אַז די טיראַנען וועלן מיין לעבן איבעררייסן; און דו לאָה, בין איך זיכער, וועסט נישט גלייכגילטיק צו דעם אַלעם בלייבן. איר פרויען, וועט טראָגן אויף זיך די גרויסע פאַראַנטוואָרטלאַכקייט, ווען איר וועט קאַלטבלוטיק צוקוקען, צו דער אויסשלאַכטונג פון אייערע ברידער און מענער. איצט איז די צייט פאַר יעדער קלאַסן־באַוואוסטזיניקע פרוי צו טאָן איר פליכט, פאַר דער באַפרייאונג פון אַרבעטער קלאַס.

לאָה

וואוהין דו גייסט מאָרגן, נעם מיך מיט. לאַנג, לאַנג, רייסט זיך מיין האַרץ צו דער הייליקער אַרבעט; און איצט איז די צייט:

גרישאַ

(דריקט איר די האַנט)

גוט! גוט! איך בין גליקלאַך דאָס צו הערן; אָבער מיר קענען צוזאַמען דאָס הויז נישט פאַרלאָזן. ווייל טאָמער טרעפט אַן אומגליק און די פרייהייט פון אונז וועט באַרויבט ווערן, וועט די מוטער דאָס נישט איבערטראָגן. אַלזאָ, ווען איך וועל גיין — וועל איך מיין אַרבעט אַליין דערפילן און דו וועסט בלייבן אין דערהיים; און ווען איך וועל קומען — וועסטו גיין און איינער פון אונז, וועט שטענדיק קאָנען פאָרטזעצן די הייליקע אַרבעט.

(פאָרהאַנג)

# צווייטער אקט

(א קליינער צימער, אסך שטולן און ביינק אַנגעשטעלט. אין מיטן שטייט אַ קליינער טישל. אויף די ווענט הייננען בילדער פון טאָלסטאָי, קראָפּאָטקין, באַקונין און אַנדערע. גרישאַ און נאָך צוויי — די בעלי בתים פון הויז זיצן באַם טיש. די טיר עפנט זיך און פילע יונגע ארבעטער קומען אריין. אַלע — אין זייערע ארבעטער קליידער. יעדער איינער נייגט זיך פאַר גרישאַ'ן און פאַר די אַנדערע צוויי. זיי פאַרנעמען זייערע פּלעצער. א פּאָר מינוט איז שטיל. מען הערט נאָר פון־צייט־צו־צייט אַן איינגעהאַלטענעם הוסט און סקריפּן פון די ביינק)

---

גרישאַ

(שטעלט זיך)

אַלזאָ, איך דיינק, דאָס מ'קען עפענען די פאַרזאַמלונג.

די צוויי

זיכער! זיכער! (אַלע קלאַפּן)

גרישאַ

ברידער! יאָרן לאַנג, האָט מען אייך געמאַטערט און פאַרשקלאַפט אין די אייזן־פאַבריקן. איר האָט געהאַלטן אין איין שאַפן האַרמאַטן, ביקסן, שיפן, קוילן, שווערדן און נאָך דער טייוול ווייסט



וואָס איצט זיינען די סקלאַדן פון דעם טייוולס כלים פול; גייען די הערן דערקלערן קריג, מיט דעם אויסרייד; אז דער אָדער יענער דעמפּאָט האָט באַליידיקט זייער פאָן — די שטיק שמאַטע, וועלכע ווערט פאַרקויפט פאַר זיבן גראָשן אַן ארשין. מ'פאַרמאַכט די פאַבריקן און זאַוואָדן און מ'וואַרפט אונז אַלעמען ארויס. און נאָך וועט זיין ווייניק, דאָס מיר, אונזערע פאַמיליעס, פרויען און קינדער וועלן אויסגיין פון הונגער, וועט מען ווי די שעפּסן אונז צונויפנעמען און אַוועקשיקן זיך אויסשלאַכטן איינע די אַנדערע. . . זעט ברידער, ווי שרעקלאַך דער טייוול פון קריג איז — און די נידריקע שופטן ווי זיי פּראָוואָצירן קריג. פריער נעמט מען די בעסטע מאַטעריאַלן, פון וועלכע ס'קאָנען די בעסטע און שענסטע וואוינונגען געבויט ווערן, אין דער צייט ווען מיר וואוינען אין פינסטערע און נאַסע קעלערן; פון וואָס פופציק פּראָצענט באַקאָנען זיך מיט טובערקולאָז, אין זייערע בעסטע און בליענדסטע יאָרן. מ'פאַרניכטעט די בעסטע מאַטעריאַלן פאַר דעם טייוולס געברויך; אין דער צייט ווען די בויערן פון דעם "באַליידיגטן" פאָטערלאַנד — מוזן גראָבן די ערד מיט די הענט און אַקערן מיט די ציינער. זיי האָבן פריער פאַרקויפט ביקסן, האַרמאַטן, און פּולווער, צו יעדן איינעם פון די דעספּאָטן; ווער עס האָט זיי געלד געגעבן. מעג דאָס זיין פראַנקרייך, רוסלאַנד, ענגלאַנד אָדער דייטשלאַנד, עסטרייך — טערקיי אָדער סערביע. און איצט גייען זיי ערקלערן קריג. ברידער! דאָס וועט זיין אַזאַ אויסשלאַכטונג, וואָס האָט קיין גלייכן אין דער געשיכטע און וואָס פאַר א נאָמען מען זאָל דאָס געבן, וועט מען איצט נאָך דער אויסשלאַכטונג וויסן. אייערע פירער האָבן אייך איינגערעדט, געבעטן איר זאָלט זיי אין פּאַרלאַמענט אַוועקשיקן און אַליין מיט געדולד וואַרטן, ביז וואַנען זיי וועלן אייך, פון יענע פּאַלאַצן, אין די געפּרעסטע הויזן, פולע קעשענעס מיט פרייהייט ברייננגען. די פירער אייערע, האָבן אייך אָבער קיינמאָל אין זינען נישט געהאַט, אַחוץ זייער פּערזענלאַכן וואוילזיין. זיי האָבן אייך איינגערעדט, אַז מ'וועט ארונטערשליידערן דעם

רוסישן דעספּאָט, וועלכער רופט זיך צאַר אום צו שאַפן פאַר אייך אַנדערע דעספּאָטן! ווי אין פראַנקרייך, שווייצערלאַנד און פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכע רופן זיך רעפּובליקן. אָבער ברידער! וואָס זעט איר איצט פון די רעפּובליקאַנישע דעספּאָטן? — אין דעם נאָמען פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלאַכקיט, האָט זיך די פראַנצויזישע רעפּובליק פאַראייניקט מיט רוסלאַנד; מיט אַ לאַנד פון באַרבאַריי און דעספּאָטי; פון תפיסות און תליות —וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן. ענגלאַנד — דער ביישפּיל פון פרייהייט, אַזוי האָט מען אונז אימער געזאָגט, האָט זיך אויך פאַראייניקט מיט אונזער פאַרפלוכטן פאָטערלאַנד: מ׳וועט אַלע צוזאַמען גיין שלאָגן דייטשלאַנד און עסטרייך.

## איינער פון די אַרבעטער

מיר דאַכט זיך הער אָראַטאָר, אַז דער קריג איז אַ גערעכטער. עסטרייך וויל פאַרניכטן סערביע: אַ לאַנד וועלכע איז פיל קלענער און שוואַכער פון איר.

## גרישאַ

איר הערט ברידער? — עסטרייך וויל פאַרניכטן סערביע, ווייל אַ סערביער האָט גע׳הרג׳עט אירן אַ טיראַן; קומט רוסלאַנד מיט אירע ווילדע קאָזאַקן ראַטעווען סערביע און שיינקען איר פרייהייט. און אירע פּאָליאַקן, יידן, גרוזינען, ליטוואַקן, טאַטאַרן און פינען און נאָך אַנדערע צענדליקע פעלקער; האַלט זי אין איין פאַרניכטן — הייננען און פאַרשיקן. רוסלאַנד איז סערביע׳ס מומער; גייט זי איר פאַרטיידיקן; אָבער וואָס ווייסט דער פראַנצויז פון סערביע? די פראַנצויזן וועלכע האָבן זייער בלוט פאַרגאָסן אין מער ווי אין דריי רעוואָלוציעס, — וועלכע האָבן זייערע בעסטע און איידלסטע קינדער געאָפּפערט פאַר ״פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלאַכקייט״ און יעדעס מאָל האָבן די פירער זייערע זיי אָפּגענאַרט. און מיט דעם



בלוט פון די אַרבעטער — די פּלעצער פון די דעספּאָטן פאַרנומען; און די בלוטזייגער און פּאַראַזיטן, די הערשאַפט איבערגעגעבן. פראַנקרייך גייט פאַרטיידיקן סערביע; ווייל דייטשלאַנד, — דער נענסטער שכן אירער, קאָן בעסערע שיך, קליידער און מאַשינען מאַכן און פאַרקויפט עס ביליגער צו דער גאַנצער וועלט. אמת, דייטשלאַנד מיט איר ציוויליזאַציע און טעכניק, האָט דאַרגרייכט צו אַזאַ הויך; דאָס זי קען מיט אירע לופט־שיפן גאַנצע שטעט מיט אומשולדיקע פרויען און קינדער אַזוי פאַרניכטן, אַז די ביינער פון איין האַנט און גליד פון קערפּער געפינט מען באַ איין ברעג פון אַנטלאַנטיק און די ביינער פון דער צווייטער האַנט, פון׳ם זעלביקן מענטשן געפינט מען באַ דער אַנדערער זייט פון אַנטלאַנטיק. נו; און די אומשולדיקע פראַנצויזן? און די פרייע ענגלענדער זיינען בעסער?

## איינער פון די אַרבעטער

דייטשלאַנד האָט צופּיל סאָלדאַטן און דאָס איז אַן אומגליק פאַר דער גאַנצער וועלט, מ׳מוז דעם מיליטאַריזם פון דייטשלאַנד פאַרניכטן.

## גרישאַ

ווי געפעלט אייך ברידער? די רוסישע אַרבעטער האָבן שוין אויפגעהערט מורא צו האָבן פאַר זייערע אייגענע קאָזאַקן און האָבן מורא פאַר די דייטשע סאָלדאַטן. גיבן מיר דען נישט אַוועק אונזערע בעסטע יאָרן אין די קאַזאַרמעס? דערמאָרדן דען ניט די רוסישע סאָלדאַטן, טויזענטער פון זייערע ברידער; נאָך דעם באַפעל פון זייערע קאָמאַנדירן באַ זיך אין דערהיים, אין די בעסטע און פרידלאַכסטע צייט? — האָט שוין ווער פון אייך געקאַנט וויסן די ריכטיקע צאָל פון מאַרטירער, וואָס זיינען שענדלאַך דערמאָרדעט געוואָרן אין די רוסישע אינקוויזיציעס, מיט דער הילף פון די רוסישע סאָלדאַטן און קאָזאַקן? און ווען איר זייט געגאַנגען בעטן ברויט, האָבן דען

די רוסישע סאָלדאַטן מיט קוילן ניט געענטפערט? — ברידער! איך גלויב גאָרנישט, דאָס איינער פון אייך באַגרייפט דאָס נישט און נויטיקט זיך אין מיינע ווערטער. איך בין נאָר געקומען אַ קלונג טאָן אין גלאָק — און אָנזאָגן, אַז די צייט איז געקומען זיך צו באַפרייען.

### איינער פון די אַרבעטער

לאָזט אים ציען פאַרן שטריק, וויפיל זיין האַרץ גלוסט — ביז וואַנען ער וועט מיד ווערן און ער'ט גיין שלאָפן. (אַלע לאַבן) דייטשלאַנד'ס מיליטאַריזם מוז פאַרניכטעט ווערן.

### גרישאַ

(זייער אויפגערעקט)

טרוימער! טרוימער וואָס איר זייט! — האָט דען נישט ענגלאַנד, אין אַ פרידלאַכער צייט, מיט אַ קליינער אַרמיי פון עטלאַכע טויזענט באַוואָפענטע מערדער, וועלכע רופן זיך סאָלדאַטן, ניט דאַרמאָרדעט און צוראַבירט צען מאָל אַזוי פיל הינדוסן אין אינדיע, בורן אין אַפריקאַ, סקאָטלענדער און אײרלענדער, וויפיל דייטשלאַנד מיט איר גרויסער דיסציפּלינירטער אַרמיי אין צען יאָר?

### אַ דריטער אַרבעטער

די ווילדע הינדוסן! — ענגלאַנד האָט באַדאַרפט און האָט זיי ציוויליזירט. ס'איז געווען אַ שאַנדע פאַר די ציוויליזירטע פעלקער, צו האָבן אַזעלכע ווי זיי זיינען אויפן ערד־קוגל.

### גרישאַ

ענגלאַנד האָט זיי געוואָלט אויסציוויליזירן, אויסמענטשלען, האָט זי זיי געמאַכט פאַר אוים מענש. זיי, די ציוויליזירטע האָבן גערויבירט זייער גוטס, דער'הרג'עט די פּראָטעסטירנדע מענער, פאַרברענט זייערע הייזער און אייגנטום — פון הונדערטער יאָרן נאַטירלאַכער אַרבעט. זייערע ווייבער — פאַרגוואַלדיקט און מיט זייערע קליינע קינדער — די מינען און פאַבריקן אָנגעפילט. אויף אַ ציוויליזירטן אויפן האָבן זיי די פּראָטעסטירענדע אויסגעראָטן און די שווייגענדע פאַרשקלאַפט: און איצט שטאַרבן זיי אוים אין מיליאָנען פון הונגער און שווערער אַרבעט, פון עטלאַכע ענגלישע באַראָנען. — ציוויליזאַציע! . . די "ווילדע" האָבן עס ניט באַדאַרפט און — ניט פאַרלאַנגט אַזאַ ציוויליזאַציע.



### איינער פון די אַרבעטער

זעט נאָר! זעט, ווי ער האָט זיך עפּעס אַביסל צוקאָכט צוליב די הינדוסן. ער איז דאָך ניט קיין הינדוס און זיי בעטן דען אים, ער זאָל פאַר זיי ריידן?

### עטלאַכע צוזאַמען

פיליכט יאָ.

### גרישאַ

(ער הערט ווי אַלע וויצלען זיך איבער אים. זיין פּנים נעמט אָן אַן אַנדער אויסדרוק, אָבער ער מאַכט זיך נישט הערנדיק)

און די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן, האָבן דען ניט געקוואָלן, אויף דער אויסשלאַכטונג פון זייערע בראַווע סאָלדאַטן, די אַלזשירער און סיריער. די פראַנצויזן און ענגלענדער, האָבן זיך גאָרנישט וואָס צו שעמען, געגן די רוסישע קאָזאַקן, פורישקעוויטש'ס און מאַרקאָוו'ס; זיי האָבן זייער אַרבעט גאָרנישט שלעכט דערפילט. און וואָס איז נישט איינס און דאָסזעלבע; — נײַנטער יאַנוואַר — אַלזשיר, לענאַ — באָמביי, קישענעוו אָדער קאָלאָראַדאָ; — איינס און דאָסזעלבע! מיט דער אויסנאָם: דאָס אין איין פּלאַץ זיינען עס די ווילדע קאָזאַקן געווען און אין דעם אַנדערן פּלאַץ — פראַנצויזישע רעפּובליקאַנער; אין איין פּלאַץ אַ סטאָליפּין, וויטע;

אין צווייטן — אַ ללאָיד דזשאָרדש מיט פרייע ענגלענדער.

### איינער

איצט איז נישט די צייט ראַכע צו נעמען פאַר דער פאַרגאַנגענהייט, ווען דאָס לאַנד איז אין געפאַר האָבן מיר מער וויכטיגערע אַרבעט — פאַרגעסן פון אַלץ און איר פאַרטיידיקן.

### גרישאַ

פאַרגעסן!... פאַרטיידיקן!... אָט די פינסטערע, פאַרפלוכטע קראַפט פון דעספּאָטיזם און באַרבאַריי? (שרייט אויס) מיר זיינען דאָך אָבער אין קריג! — מיר זיינען דאָך פאַרנומען! — זיינען מיר דען צענדליקע יאָרן קיין סאָלדאַטן נישט געווען? האָבן מיר זיך דען ניט אויף די באַריקאַדן, ווי די לייבן געשלאָגן? — מיר זיינען געווען און זיינען נאָך איצט סאָלדאַטן אין קריג. מיר זיינען פאַרנומענע זעלנער; דאָס איז אָבער אונזער קריג: דאָס איז דער קריג, פאַר פרייהייט! דער קריג, צו פאַרניכטן אַלע פינסטערע ברואים פון די אַלוועלטלאַכע הערשער און די געוועלטיקונג פון די געלט־זעק. דער קריג, נעגן די פאַרפלוכטע קריגן, וועלכע ווערן געשאַפן פון די דיפּלאָמאַטן פון דער גאַנצער וועלט און צו פאַרשטאַרקן זייער הערשאַפט און צו פאַרגרעסערן אונטערדריקונג נעגן אונז. (שרייט אויס) דאָס איז פאַרראַט !פאַררעטער, וועל איך שרייען; פאַררעטער! וועט מיין בלוט אין די אָדערן שרייען, נעגן די וועלכע האָבן פאַראַטן זייערע קאַמעראַדן און די פרייהייט. (עטוואָס געלאַסענער) ברידער! איצט האָבן מיר די געלעגנהייט, די צייט איז קורץ; מ'מוז האַנדלען! די פאַבריקן וועלן וואַרשיינלאַך געעפנט ווערן אויף מאָרגן ווען קריג וועט דערקלערט ווערן. מ'וועט אונז באַפעלן צו מאַכן קוילן, ביקסען, האַרמאַטן און שיפן און זיך אַליין און די אַנדערע צו פאַרניכטן. דאַן זאָג איך, ברידער! בעסער דער קריג באַ זיך אין דערהיים יעדער איינער אין זיין שטאָט — אין זיין דאָרף, אין די פאַבריקן, אין



די מינען; איידער אויף די שלאַכט־פעלדער באַ די שונאים. ווייל מיר האָבן ניט קיין שונאים נאָר אין דייטשלאַנד אָדער עסטרייך — מיר האָבן זיי איבעראַל. מיר האָבן זיי באַ אונז אין דערהיים ווי אין דייטשלאַנד: אין ענגלאַנד ווי אין אַמעריקע; אין דער שווייץ ווי אין יאַפּאַן. דאָס זיינען די הערשער און רייכע נעגן וועמען מיר דאַרפן פירן קריג. אַלזאָ, ברידער! גייט אריין אין די פאַבריקן, נעמט די שווערדן און ביקסן, מיט וועלכע מ'וועט אייך שיקן דערמאָרדן אייערע ברידער און קערט זיי אויס צו די באַפעלער פון מאָרד. און נאָר דאַן, ווען מיר וועלן פריי זיין פון אַלע פּאַראַזיטן, — פון אַלע הערשער און באַפעלער; וועלן מיר די טייוול־מאַשינען פאַרניכטען און סאָכעס און בראָנעס מאַכן; און אַקערן און זייען דאָס לאַנד מיט גליק און פרידען. — וואו קיין פּאַסן און גרענעצן וועלכע רופט זיך; דייטשלאַנד, עסטרייך, רוסלאַנד, ענגלאַנד און סערביע — עקזיסטירט נישט. אַן ערד אַ פרייע, אַן אָפענע, פאַר די יעניגע, וועלכע קאָנען איר באַרבייטן און פרוכטבאַר מאַכן. און נאָר דאַן, וועלן מיר פּטור ווערן פון סאָלדאַטן און ביקסן, פון דיפּלאָמאַטן און קריג. ס'וועט ניט זיין מער קיין רייכע און הערשער, קיין פאַבריקן פון פּולווער, קיין בלוט און עלענד, קיין יתומים און היימלאָזע, קיין קריפּלס און משוגעים!...

### איינער פון די אַרבעטער

איך האָב מורא, דאָס ער איז פון זינען אַראָפּ.

### אַ צווייטער

ניין, ניין, ער איז נאָר אַביסל נערוועז.

### אַ דריטער

און איך דיינק, דאָס ער איז פּשוט משוגע.

### נאָך איינער

וואָס וויל ער, דייטשלאַנד זאָל פון אונז מאַכן דאָס וואָס זי

האָט געמאַכט פון פראַנקרייך אין 1871?

אַן אַנדערער

עס זיינען דאָ גרעסערע מענטשן פון אים?

איינער כאַפּט אונטער

און קליגער געווים.

אַן אַנדערער

אנו, ס'איז אים ניטאָ וואָס צו הערן, ער איז זיכער משוגע.

גרישאַ

(זייער אויפגערעקט)

אויב, ברידער, איר דיינקט, אז נאָר משוגעים זיינען נעגן קריג — דאַן בין איך משוגע! — משוגע! . . . — איך בין נעגן קריג. און ווער ס'איז נעגן קריג דער איז מיט מיר און ווער ס'איז פאַר קריג, זאָל ער גיין. זאָל ער גיין מאָרדן, רויבן, אונטערצינדן; צור־האַקן דעם קאָפּ פון זיין איינענעם ברודער, פאַרניכטן די פּראַצע פון מיליאָנען מענטשן, פאַרגוואַלדיקן זייערע שוועסטער און דורכשטעכן די הערצער פון זייערע מוטערס! . . .(פּאַוזע) יאָ, יאָ, דאָס איז אַ סאָלדאַט! און אַזוי איז זיין האַנדלונג! ס'איז ניטאָ קיין ערגערע און שרעקליכע חיה ווי אַ סאָלדאַט! . . (מיט כעס) — דאָס איז אַ שוידערלאַכע בריאה אין אַ מענשלאַך געשטאַלט! . . . שאַנדע! שאַנדע! . . איר זאָגט דייטשלאַנד וועט באַפאַלן? אנו ברידער, וויפיל ברויט עסט איר מער פון די דייטשן? און וויפיל אַרבעטסלאָזע טעג האָט איר ווייניקער פון די דייטשן? און פילט דען נישט אייער פאָטערלאַנד, וועלכע איר ווילט גיין פאַרטיידיקן, אָן די טורמעס אַזוי ווי אין דייטשלאַנד? און ווערט איר דען נישט ווי די הינט דערשאָסן ווען איר פאָדערט מער ברויט, אַזוי ווי די דייטשן? און אייער וואָרט,



— פאָרשטייער פון פּאַרלאַמענט און פירער. ווערן דען נישט אונטערדריקט און אין קייטן געשמידט אַזוי, און פיליכט נאָך מער ווי אין דייטשלאַנד? און אייערע שמוציקע וואוינונגען און האַרץ־קראַנקייט און אַנדערע אָנשיקענים; וועלכע קומט פון שמוץ, פון לאַנגע שטונדן אַרבעט, פון הונגער, פון ווייניק רו, פון נאַסע קעלערן, קברים — וועלכע איר רופט וואוינונגען. איז דען דאָס אַלעס אויבענדערמאָנטע באַ אייך נישט דאָסזעלבע ווי אין דייטשלאַנד? — וואָס האָט דייטשלאַנד געמאַכט פון פראַנקרייך? — דאָסזעלבע וואָס רוסלאַנד'ס אַבסאָלוטיזם פאַר די רוסן; פראַנצויזישע רעפּובליק פאַר די פראַנצויזן; דייטשלאַנד'ס קעניגרייך פאַר די דייטשן; ענגלאַנד'ס קאָנסטיטוציע פאַר די ענגלענדער און אַמעריקאַנער פרייהייט פאַר די אַמעריקאַנער. אַלע הערשער פון דער גאַנצער וועלט, ווי זיי זאָלן זיך נישט אָנטאָן און וואָס פאַרא נאָמען זיי זאָלן זיך נישט רופן; נעמען באַ אייך אַסך און גיבן אייך — הונגער, עלנט און נויט! . . . און די שמוץ פון אונטער אַ נאָגל, איז נישט אָפּצוגעבן פאַר דער בעסטע רעגירונג און פרייהייט אין דער איצטיגער געזעלשאַפט. ווייל די בעסטע רעגירונג, איז קיין רעגירונג; און פרייהייט איז דאַן פרייהייט — ווען זי איז אַבסאָלוט! און אַלס אַזעלכע איז זי נאָך ניט געבאָרן. איר זאָגט מיר גרויסע מענער! — וועלכע רעכטפערטיקן קריג. זאָגט זיי, אַז איר ווייסט דעם "רויטן־געלעכטער" און ווילט אים ניט. און אויב זיי ווייסן עס נישט, אָדער ווילן נישט ווייסן; זאָגט זיי: אַז זיי האָבן זיך זייער גאַנצן לעבן אָפּגענאַרט, ווידערשפּראָכן. זיי זיינען ליגנער, פייגלינגע און פאַררעטער. זיי האָבן אונז געלערנט: אַז ס'דאַרף קיין גרעניץ נישט זיין און פריי דאַרף זיין די ערד; יעצט רעכטפערטיקן זיי קריג! — זיי זיינען ליגנער! זיי האָבן אונז געלערנט די וואַרהייט און האַנדלען אַנדערש. זיי זיינען פאַררעטער, זיי זיינען פייגלינגע: ווייל זיי האָבן מורא פאַר דעם קריג, וואו ס'עקזיסטירט נישט קיינע הויפּט שטאָבן, מונדירן און באַפעלע. וואו מ'דאַרף אויסשטעלן די ברוסט

נעגן שונאָ און פֿאַר דער פֿרייהייט מיט בלוט באַצאָלן. די אַרבעטער דאַרפֿן פֿון אַזאַ פּלוצלינגע פֿילאָזאָפֿיע ניט וויסן, ווילן ניט און דאַרפֿן זי ניט פֿאַרשטיין. און אויב אייערע פּירער און גרויסע מענער רעכט־פֿערטיקן קריג — זאָלן זיי נעמען די ביקסן און גיין.

אײנער

זעט, ווי ער האָט זיך עס אַביסל צוקאָכט?

אַ צווייטער

ווי אַזוי אַ מענש האָט דאָס אַזוי מורא פֿאַר זיין לעבן!

אַ דריטער

איך ווייס נישט וואָרום ער שרעקט זיך אַזוי. קיין פֿלייש האָט דאָס נישט; ס'איז נאָר אַ פּעסטונג פֿון ביינער, שטאַרק ווי די פֿאָרט־אַרטור'ער ווענט און הויך ווי דער ''טור־אייפֿל" — די בעסטע דייטשע קוילן, דאַכט זיך וועלן דורך זיי ניט דורכגיין. . .

(אַ געלעכטער שיסט אויס, אַלע אַפּלאָדירן)

אײנער

לאָזט אים צורו, ער איז . . .

אַ צווייטער

ער איז קראַנק.

אַ דריטער

וואָס דרייט איר אַ קאָפּ, ער איז פּשוט משוגע און . . . .
— משוגע! משוגע! . . . (הערט זיך פֿון אַלע זייטן. גרישאַ וויל ריידן אָבער אַלע דרייען זיך אויס, מאַכן מיט די הענט, שרייען איינע צו די אַנדערע, לאַכן, פּייפֿן און בייזערן זיך)

גרישאַ

(זייער אויפֿגערעגט)



כ'האָב מיטלייד מיט אייך, שקלאַפֿן! איך האָס און באַדויער אייך. . . ווייל איר לאָזט זיך פֿאַררעטען אין פֿינסטערניש. איר האָט אימער געוואָלט האָבן פּירער, האָט איר זיי. זיי האָבן אייך אַ גאָל־דענע קאַלב געשאַפֿן און איר בוקט זיך פֿאַר איר און פֿאַר זיי, ווי פֿאַר געטער. גייט אויפֿן קריג! הר'געט איינע די אַנדערע! און ווען איר וועט אייער ברודער דאָס האַרץ דורכלעכערן און ער וועט מיט לעצטע טרערן און אַנגסט פֿרעגען; ''ווער זייט איר? און וואָס האָט ער זיך פֿאַרזינדיגט, דאָס איר באַרויבט זיין לעבן? זאָלט איר אַרויסנעמען אייער מיטגלידס־בוך און ציינן דעם שטאַרבענדן, אַז איר זייט אַ מיטגליד אין פֿאַך־פֿאַראיין. איר זאָלט עפֿענען אייער שינעל און ציינן דעם אויסגייענדן ברודער, פֿאָטער, זון, מאַן און פֿריינט — אַ קליינע פֿענדל, דאָס איר באַלאַנגט צו דער אַרבעטער פּאַרטיי, אויף וועלכער ס'שטייט אין רויט געשריבן: אַרבעטער פֿון אַלע לענדער פֿאַראייניגט אייך" און אַז די פּירער אייערע, וועלכע האָבן דאָס געשריבן: רופֿן אייך איצט מאָרדן. איר זייט בלינד און פֿאָלגט. אייערע געדאַנקען זיינען נישט פֿאַרנינפֿטיגעס צו באַנעמען, באַטראַכטן און פֿאַרשטיין; נאָר צו גלויבן און פֿאָלגן. איך באַדויער אייך, ברידער! און זאָג אייך: דאָס קיינע ווערטער קאָנען קריג נישט גערעכט־מאַכן. . . קריג איז מערדעריי אין יעדן זין. פּאַטריאָטיזם — עקזיסטירט ניט; — ס'איז אַן איינגערעטע זאַך פֿון די רייכע, פֿון די הערשער. אין די שולן ווען איר זייט קליינע; אין די קלויס־טערס ווען איר זייט גרויסע. פּאַטריאָטיזם איז אַן אונפֿאַרשעמטער ליגן. מ'נעמט אייך מיט גוואַלט, איר זייט פֿייגלינגע און — גייט. מ'רעדט אייך איין, מ'באַפֿוילט אייך און איר האָט נישט קיין מוט זיך נעגנשטעלן. איר זייט קנעכט! . . . (מיט אויפֿרעגונג) כ'האָב אייך געליבט, אָבער יעצט האָס איך אייך! . . . אייערע פּירער, געטער און באַפֿעלער — שפּיי איך אין פּנים, ווייל זיי זיינען פֿאַררעטער! . . פֿאַרפּירער, שענדלאַכע בריאות. . . (פֿאַנגט אָן גיין) אייערע געדאַנ־קען זיינען קלאָר, גייט אין קריג! . . .איך! . . . — איך בין משוגע

און וועל ניט גיין אין קריג. . . איך האָב מיין קריג. . . (גייט שנעל צום טיר, אַלע קערן זיך אוים, קוקן אויף אים ביז וואַנען ער גייט ארוים און שווייגן)

## פאַרהאַנג פאַלט

## (צווייטער בילד אין צווייטן אַקט)

באַ רחל׳ען אין הויז. גרישאַ זיצט באַם טיש, אין די זעלבע קליידער, די האָר פאַרוואָרפן, זייער אויפגערעגט. לעבן אים זיצט לאָה. אין שטוב איז קאַנטיק אומאָרדנונג.

### גרישאַ

(מיט צאָרן) די בעסטיע האָט געזיגט. די חיה האָט טריאומ־פירט. די רעגירונג קאָן פייערן איר נצחון. גאַנץ לייכט איז איר גע־ווען אירע שקלאַפן איבערצוצייגן אַז זיי זאָלן זיך איינע די אַנדערע פאַרניכטן.

### לאָה

וואָס איז גרישאַ? וואָס איז דיין ענטפער? איך וואַרט מיט אומ־געדולד! איז דאָס, וואָס דו האָסט מיט זיך געבראַכט? . . .

### גרישאַ

די שקלאַפן זיינען טויב געוואָרן — בלינד געוואָרן: די הער־צער זיינען באַ זיי פאַרמאַכט און זיך צו באַפרייען, דאָס איז אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגנהייט.

### לאָה

וואָרום ביזטו אַזוי פאַרצווייפעלט? צו דען האָט דיין רעדע אויף די אַרבעטער קיין שום ווירקונג ניט געהאַט? גאָט! צו דען דאַרף מען נאָך ריידן, שרייען, איבערציינן: ווען דער טייוול שטייט



זיי אַנטקעגן פּנים און דייטעט מיט די פינגער אויף זיי; ער שטעלט זיי אויס אַ צונג, — מאַכט זיי גרימאַסן און בלוט און פייער שפריצט פון זיין מויל; — צו דען זעען זיי דאָס נישט?

### גרישאַ

איך האָס זיי יעצט די שקלאַפן, ווי דעם טייוול אַליין און — האָס זיי, די שרעקלאַכע בריאות — די הערן זייערע. איך האָס זיי ביידן. צו די הערן זייערע, שרייט מיין בלוט און רופט נאָך ראַכע; און צו די שקלאַפן פיל איך האָס, אָבער מיט באַדויערונג.

### לאָה

ס׳פאַרדריסט מיך גרישאַ! אָבער פאַרריכטן דאָס איז שפּעט. די בעסטע יאָרן האָב איך פאַרשלאָפן. צייטנווייז האָב איך געפילט, אַז איך האָב קראַפט, — האָב ווילן און ס׳איז מיין פליכט צו וועקן די שלעפער. אויפעפענען די אויגן פון די בלינדע, צוברעכן די קייטן פון די פאַרשמידטע; האָט מען מיך אָבער אַליין פאַרשלעפערט — בלינד געמאַכט און פאַרשמידט. (מיט כעס) אך! פינסטערניש! — פינסטערניש! . . .

### גרישאַ

(זייער מילד) טייערע שוועסטער! ס׳איז קיינמאָל נישט שפּעט פאַר די וועלכע עפענען די אויגן, דערטאַפן די פינסטערניש און גערן זיך באַפרייען. פאַר דיר, מיין שוועסטער, איז נאָך אימער דאָ אַ וועג און פּלאַץ אין די פרייהייטס רייען.

### לאָה

ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען, האָב איך אַלץ באַדאַרפט זוי אַ גרויסע איבערלעבן. כ׳האָב אַלץ באַגריפן, אָבער איך בין מאַכטלאָז געווען; און ווען איך בין עטוואָס עלטער געוואָרן, האָב

איך זיך מיטן פאבריק דערקאנט; א מידע, א פארצווייפלטע, מיט צובראכענע גלידער און פארטומלטן מארך, האב איך קוים דערלעבט זיך באפרייען פון גהינום און קומען אהיים. — האב איך דען קרעפטן געהאט וואס צו טאן? און פיליכט יא, — איך האב קיין שטארקן ווילן נישט געהאט. ווייל וויפיל כ'האב געזען איז ניט גענוג געווען. כ'בין בלינד געווען. און נאך שפעטער בין איך שוין א פרוי געווארן. . . . דער פאטער, די מוטער, פריינד און געזעלשאפט; מ'האט פאר מיר א תכלית געזוכט. באגרענעצט זיינען געווארן מיינע געדאנקען און מיט שטיינער זיינען געווען די וועגן אויסגעלייגט. מ'האט געזוכט מיך צו פארקויפן, עטוואס פון מיר מאכן, — וואס איך האב זיי נישט געבעטן. זיי האבן מיך פארשמידט ווי אין קייטן. אך! ווי איך באדויער די פארגאנגענע, פארלארענע צייט! . . .

(רחל קומט אריין מיט א צייטונג אין האנט)

רחל

נאט קינדער, לייענט! עפעס ריידן די ווייבער אין מארק, איך הויב אבער נישט אן צו פארשטיין; וואס? ווען? עפעס זאגן זיי, אז רוסלאנד גייט אין קריג: אבער מיט וועמען, פאר וואס און פאר ווען, ווייס איך נישט. האב איך געקויפט די צייטונג — אלע כאפן זיי די צייטונגען, ווי מן פון הימל און די אינגלאך צורייסן זיך די העלזער פון שרייען: קריג! קריג! און נאך וואס, וואס איך קאן נישט ווייסן.

גרישא

(נעמט די צייטונג, גיט א קוק אויף לאה'ן, רוקט זיך צו נענטער און פאנגט אן לעזן)

נאך דעם ווילן פון דעם אלמעכטיקן גאט און נאך דעם באפעל פון זיין מיאעסטעט און גרויסנגעדיקייט און מיטן פארלאנג פון דעם גאנצן רוסישן פאלק, ערקלערן מיר קריג צו דייטשלאנד; און



מיר רופן אונזערע בירגער און קינדער צו פארטיידיקן זייער הויכגעשעצטע פאטערלאנד געגן שונא, און מיר האפן, דאס קיין איינציגער בירגער וועט זיך נישט אפקערן פון זיינע נויטיקע און הייליקע פליכטן. און דערפאר בעטן מיר פאר אייך גאט: אז ער זאל אייך אויסהיטן און איר זאלט אייערע שונאים באזיגן, און קומען אומבאשעדיקט צו אייער קסר און פאלק. אונטערגעשריבן מיט דער אייגענער האנט — ניקאליי דער צווייטער.

(גרישא און לאה קוקן זיך איבער און שווייגן)

רחל

וואס! . . .וואס! . . .לייען איבער נאכאמאל. איך הויב נישט אן צו פארשטיין.

גרישא

(זייער שטיל) רוסלאנד האט דערקלערט קריג צו דייטשלאנד.

רחל

און וואס נאך עפעס האסטו געלייענט?

גרישא

און דער קייזער זאגט — ''דאס די בירגער וועלן ניט זיין געגן"

רחל

וועמן מיינט מ'דאס די בירגער? דאס מיינט מען, די גויאם, ניט ריכטיג?

גרישא

ניין, מוטער, ווען אלץ איז גוט און איז אין ארדנונג, ווען מ'דארף די יידן ניט האבן; שלאגט מען מיט זיי כפרות. מ'הייננט זיי מ'שלאגט זיי, מ'מאכט אויף זיי פאגראמען, מ'טוט מיט זיי אלץ וואס מ'וויל; זיי זיינען הפקר. אבער ווען מ'דארף פארטיידיקן דאס לאנד,

דאָן מיינט מען בירגער , — אויך די יידן. . .

רחל

און צו וואָס מישט פוינע־גנב אריין גאָט? ווייל דען גאָט מ׳זאָל זיך איינע די אַנדערע אויס׳הרג׳ענען?

גרישאַ

פרעגן זיי דען די מערדער, וואָס גאָט וויל? אָדער טוען וואָס גאָט וויל? — זיי טוען וואָס זיי לוינט זיך און — וואָס זיי ווילן. און אינ׳ם נאָמען פון גאָט, נעמען זיי אַלעמען צונויף און דער׳הרג׳ען זיי. . .

לאָה

(קוקט זיי פאַרוואונדערט) — גרישאַ! . .

רחל

(ברעכט אויס מיט אַ געוויין)
וועלן זיי דיך אויך נעמען, מיין טייער קינד? . . .

גרישאַ

וויין נישט, ליבע מוטער! — שרעק זיך נישט, זיי וועלן מיך נישט נעמען: ווייל איך וועל נישט גיין.

(ראָזע קומט אריין. זי צוקושט זיך מיט גרישאַ׳ן, מיט לאָה׳ן און רחל׳ען)

ראָזע

(צו גרישאַ׳ן) ווייסטו שוין פון די נייס, גרישאַ?

גרישאַ

יאָ, ראָזאָצקע.



ראָזע

און וואָס?

גרישאַ

און וואס!

ראָזע

איז איצט שוין פאַר דיר קיין הילף נישטאָ?

גרישאַ

הילף! — וואָס מיינסטו?

ראָזע

ראַטעוון זיך! אַנטלויפן פיליייכט! . . .

גרישאַ

ראַטעוון זיך! אַנטלויפן! ניין! . . ניין מיין טייערע, איך וועל נישט אַנטלויפן און ווען איך זאָל אַפילו וועלן — איז שוין אויך שפּעט: און זיך צו רעטן, דאָס איינציקע וואָס איך קאָן טאָן און וועל דאָס טאָן, — איז. . .

רחל

(וויינט) האָב איך דיר נישט געזאָגט, נאָך איידער דער אומגליק האָט זיך אָנגעפאַנגען: פאָר אוועק מיין קינד! אַ שיפס־קאַרטע, גוטע בריוו, גוט לאַנד: — רבונו־של־עולם! וואָרום שטראָפסטו מיך אַזוי, אַז איך זאָל מיט מיינע אייגענע אויגן דאַרפן זען, ווי מען פירט מיין איינן קינד און טרייסט צו די שחיטה. כ׳האָב אַלעמאָל גע׳טענה׳ט, דאָס אייערע חברות, ווי איר רופט זיי, קענען גאָרנישט און וועלן גאָרנישט מאַכן. אייערע יונגע חברות, וועלכע האָבן זיך און אונז אומגליקלאַך געמאַכט, זיינען נאָר גוט צום שרייען און צו ריידן.

טייערער גרישאַ! — דו ווייסט, אז איך האָב דיך ליב און — וויל דיר קיין פּאַרדרוס ניט אָנטאָן. מיינע רייד קאָנען סיי־ווי גאָרנישט העלפן; אָבער, כ׳בעט דיך מיין קינד! זאָג מיר, וויפיל יאָרן איך הער; מ׳וועט, מ׳וועט און ס׳איז אימער ווי געוועזן. און די קינדער פילן אָן די טורמעס, דערוואָרימען די ערד מיט זייערע יונגע, פרישן בלוט און טרייבן זייערע עלטערן פריצייטיק אין קבר: און וואָס איז די ענדע?

גרישאַ

(מיט פאַרדרוס) — וואָס ווילסטו, מוטער?

רחל

גרישאַ! איז נישט דער פאָטער דיינער געוועזן גערעכט, ווי נור די קריג האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָט ער געזאָגט; ״שלאָגט זיך אַלע קאָפּ־אָן־דער־וואַנט״ און אָן געלט, אָן קליידער, אָן לייב־און־לעבן, — אַוועק פון שטוב און אין זעקס וואָכן אַרום, ווען אַזוי פיל יידן, זיינען שוין דער׳הרג׳עט און פאַרקריפּעלט געוועזן, האָבן מיר באַקומען אַ בריוו; אז ער איז שוין אין אַמעריקע, — אַרבעט און פאַרדינט און איז צופרידן. נו, און דו גרישאַ, ווען דו האָסט אַלץ געקאָנט האָבן, זאָגסטו ניין! איכ׳ל ניט פאָרן. און יעצט! (טרערן שטיקן איר, זי וויינט) — איכ׳ל ניט . . . רבונו־של־עולם! ווי אַזוי פאַרשטייט מען דיין וועלט?

גרישאַ

טו מיר אַ געפעלינקייט, מוטער! שיט מיר נישט קיין זאַלץ אויף מיינע וואונדן. זיי רואיק, ס׳וועט אַלץ זיין גוט. מיין נישט אַז דער קריג איז אויף אייביק — דאָס וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן. מ׳וועט זיך נישט אַרומזען און אַלעס וועט זיין צו ענדע.

לאָה

(קוקט אין צייטונג און טרייסלט זיך. לייגט אַוועק די צייטונג, נעמט אַ בוך פון טיש און גייט פּאַמעלאַך אַרויס)



ראָזע

וואָס דיינקסטו צו טאָן, קאָן איך עס וויסן, גרישאַ?

גרישאַ

איך וועל זיך באַטראַכטן, איכ׳ל זען. . .

ראָזע

ווי איך האָב דאָס דערהערט, בין איך גלייך געלאָפן צו דיר. ס׳איז מיר אויך קלאָר געוואָרן, וואָרום דו האָסט נעכטן פאַר מיר קיין צייט נישט געפונען. דו האָסט עס געזען און געפילט, אַ לאַנגע צייט פריער: און נעכטן האָסטו געמוזט גיין אויף דער פאַרזאַמלונג, אָבער גרישאַ! מיר האָסטו עס געקאָנט זאָגן.

גרישאַ

איך בעט דיר אנשולדיקונג! (פּאַוזע) דו דאַרפסט מער צופרידן זיין, וואָס דו ביזט דאָרט נישט געוועזן.

ראָזע

גוט גרישאַ! איך האָב צו דיר נישט. (נעמט זיין האַנט) איך אַנשולדיק דיר.

גרישאַ

וואָרום ביזטו אַזוי צוטראָגן היינט, טייערע?

ראָזע

ווען איך בין געגאַנגען צו דיר, האָב איך אַזעלכע בילדער געזען, — אַזעלכע שרעקלאַכע, אונפאַרשטענדלאַכע! אַז ס׳פאַרדריסט מיך, וואָס איך בין גראַדע אין דער צייט געגאַנגען. — כלות זיינען געפאַלן אויף די העלזער פון זייערע חתנים און געיאָמערט. פרויען

זיינען אין אנמאַכט געפאַלן און מוטערס האָבן מיט קולות געשריען;
אַ קינד פון אַ־יאָר אַכט האָט זיין מוטער געפרעגט: ״זאָג מיר מר־
טער! וואָרום האָט מען פאַרמאַכט די קראָמען — ס׳איז דאָך נישט
שבת? און פאַרוואָס וויינען אַלע, איז ווער געשטאָרבן? און וואָרום
קוקסטו אויף מיר אַזוי און וויינסט?״ . . . די מוטער האָט אים נישט
געענטפערט און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. האָט זיך דאָס קינד
צעוויינט אויפן קול: ״יאָ, איך זע! איך פאַרשטיי! מ׳וויל מיין פאָ־
טער אַוועקנעמען פון מיר. מ׳וויל אים הרג׳ענען, אַזוי ווי מ׳האָט
איציק׳לס פאָטער דער׳הרג׳עט. ס׳איז אַ מלחמה; איך ווייס וואָס
אַ מלחמה איז! — דער רבי האָט מיר געזאָגט וואָס אַ מלחמה איז.
קום מוטער אהיים! איכ׳ל בעטן דעם פאָטער ער זאָל נישט גיין. איכ׳ל
פאַרשליסן די טיר, ער וועט ניט אַוועקגיין פון מיר. ס׳איז ניט גוט
צו זיין אַ יתום. אַלע שלאָגן די יתומים; זיי גייען צוריסן און באָר־
וועס. זיי זיינען הונגעריק און וויינען. ניין, איך וויל נישט!״ — ער
האָט איר געשלעפט פאַרן האַנט און זי איז שיעור פון שוואַכקייט
נישט געפאַלן. אָך, גרישאַ! איך בין נאָכגעגאַנגען נאָך זיי אַ לאַנגע
צייט און מיין האַרץ האָט מיר אַזוי ווייט געטאָן! . . .

### גרישאַ

זעסט, דאָס קליין קינד זעט און פאַרשטייט און די גרויסע זיי־
נען בלינד און ווילן נישט פאַרשטיין.

(רחל גייט צו צום פענסטער, פאַרשטעלט איר פּנים מיט די
הענט און וויינט)

### ראָזע

גרישאַ! איך בעט דיך, הער מיר אויס. ס׳איז פּיליכט נאַריש,
אָדער נעגן דיינע פּרינציפּן, וועסטו מיר אנטשולדיקן. (זי שווייגט
אַווילע. גרישאַ איז זייער ניינעריק) — איך האָב דיך ליב! און ליבע
וויל פון די אַלע זאַכן נישט וויסן. אַוועקפאָרן קאָנסטו שוין איצט



נישט, אפילו ווען דו זאָלסט וועלן; און די אַרבעטער זיינען נישט געגן
קריג; ווייל אַנדערש טאָן האָבן זיי מורא און דו אַליין קאָנסט גאָר־
נישט מאַכן. מ׳האָט מיר דערציילט, אַז זיי האָבן זיך צו דיינע אַלע
רייד וויניק צוגעהערט. אַלזאָ, טייערער גרישאַ! דאָס איינציקע וואָס
דו דאַרפסט טאָן; פאַר דיר, פאַר מיר און דיינע עלטערן, איז —
ראַטעווען דיין לעבן. איך האָב אַ פּלאַן, — אַ נאַרישן, נאַאיוון פּלאַן:
— איך בין מער ווי זיכער, אַז די מלחמה קאָן מער ווי צוויי אָדער
העכסטענס דריי מאָנאַטן ניט אָנהאַלטן. דו וועסט זיך באַהאַלטן
באַ זיך אין צימער און איך וועל אַלץ מע׳לאַכעס טאָן פאַר דיר
און זען אַז ס׳זאָל דיר גאָרנישט פעלן. איך וועל אַרבעטן שווער,
טאָג און נאַכט און זען מער פאַרדינען.

(גרישאַ קוקט איר גלייך אין די אויגן. זיין געזיכט ווערט פריי־
לאַכער. רחל קומט צוריק פון פענסטער. זעצט זיך באַם טיש. ראָ־
זע אומאַרמט גרישאַ׳ן)

### רחל

(מיט באַגייסטערונג) — יאָ, יאָ! . . .

### ראָזע

און ווען דו וועסט דאָס טאָן און מיר וועלן דאָס אַריבערקומען,
וועלן מיר גלייך נאָך דער מלחמה אַוועקפאָרן, אַוואו דו וועסט נאָר
וועלן און מיר וועלן לעבן גליקלאַך; ווי נאָר מיר וועלן קאָנען — און
נעמען פון לעבן דאָס בעסטע וואָס מיר וועלן נאָר געפינען.

### רחל

(מיט אַ שמייכל אין אירע טרערענדע אויגן)

ווי קלוג די ביזט ראָזע! ווי אַ גוטן מלאך, אַזוי דערלייזער, האָט
דיר גאָט אהער געבראַכט. הלוואי זאָל גאָט געבן, ס׳זאָל אַלץ אַרי־
בערגיין: איז עס דאָך בעסער ווי גיין אויף מלחמה.

**ראָזע**

(צו גרישאַ'ן) — וואָס איז דיין ענטפער?

**גרישאַ**

(קושט איר אין קאָפּ) — מיין טייערע פריינט! מיין נשמה! — דיינע פּלענער זיינען אַזוי נאַאיוו, אַזוי קינדיש! אָבער ערלאָך. דו ליבסט מיך און מיין לעבן איז באַ דיר טייערער ווי די בעסטע אידייען און זעלבסט־אָפּערונג. די אַרבעטער, די קנעכט, ווילן ניט ווי די העלדן פינסטערניש און מלחמות פאַרניכטן און ליכט און פרייהייט שאַפן. דער הונט פון מלחמה האָט זיך אָפּגעריסן פון שטריק, און שלעפּט זיי מיט. זיי ווען בעסער ווי פיינגלינגע, ווי שקלאַפן פאַר זייערע הערן שטאַרבן. (פּאוזע) איך האָב געטאָן מיין פליכט, — געטאָן אַלץ וואָס ס'איז מעגלאָך געוועזן און יעצט שטאַרבן! — ווען ס'ווילט זיך לעבן! . . . — דאָס נישט; איך וועל שטאַרבן מיט מיין ווילן, ווען די צייט וועט קומען, אָבער נישט דורך זייערע הענט. איך נעם אָן דיין פּלאַן! . . . איך וויל לעבן פאַר דיר און ראַכע נעמען פון די, וועלכע באַרויבן אונזער גליק. איך וויל לעבן, אום צו זען, ווי די שקלאַפן וועלן קומען צוריק פון די שלאַכטפעלדער, מיט בלוט־פאַרשמירטע הענט און — וועלן זאָגן: ״ גרישאַ, דו ביזט גערעכט! צום טייוול זיי, אונזערע פירער; זיי האָבן אונז אָפּגענאַרט, — פאַרראַטן. . פאַרפלוכט זאָלן זיי ווערן! . . זיי זיינען פאַררעטער! . זיי זיינען פאַררעטער! . . .

(פאָרהאַנג)

# דריטער אקט

(אַכט מאָנאַטן שפּעטער. — דערזעלבער צימער באַ רחל'ען אין הויז. לאַה מיט ראָזע'ן זיצן באַם טיש. לאַה האַלט אַ צייטונג אין האַנט)

---

**ראָזע**

אַזעלכע שוידערליכקייטן! אַזאַ שרעק! . . . דער קריג האַלט נאָך אינגאַנצן אַכט מאָנאַטן און שוין אַזוי פיל דער'הרג'טע און פאַרוואונדעטע.

**לאַה**

ווי די צייטונגען שרייבן זיינען שוין דאָ איבער צוויי מיליאָן דער'הרג'טע און נאָך אַמאָל אַזוי פיל פאַרקריפּלטע.

**ראָזע**

(מיט שוידער) — צוויי מיליאָן דער'הרג'טע! . . . צוויי מיליאָן איבערגעריסענע לעבנס! . . . (פּאוזע) דו ווייסט וואָס ס'מיינט זיין דער'הרג'עט: — ניט וויינען מער און ניט לאַכן. ניט לויפן מער אין פעלד אין אַ פרייע שטונדע בלומען רייסן; נישט זען זיך מער מיט'ן בלויען הימל; נישט קושן מער די ברענענדע ליפּן פון דיין נעליבטען; נישט דערוואַרטן די מינוט מיט אומגעדולד, וואָס ניכער — מער און מער אים זען: נישט זען מער דאָס ליכט פון דער זון און לבנה, שטערן און הימל. צושיידן זיך פון דעם אַלעס, — פאַלן

ערגעץ אויף אַן אומבאַקאַנטן פּלאַץ, אויסגיין מיט בלוט און ווערן באַגראָבן אויף אייביק. — ווייסטו יעצט וואָס טויט איז? . . .

### לאָה

און איידער די אומגליקלאַכע דערוואַרטן דעם טויט, איז דען זיי ניט ערגער ווי דער טויט! . . .

### ראָזע

איך שטעל מיר פאָר זייער וואַרטן, זייער קוקן דעם מלאך־המות גלייך אין די אויגן און צוגעווייינט ווערן דערצו; און ווען אין אַזעלכע מאָמענטן, שרייבן זיי בריוו: — „ליבער פאָטער, מוטער, קינדער, שוועסטער, ברידער — איך לעב נאָך און בין געזונט! — איז אויב דאָס הייסט לעבן — טאָ וואָס איז טויט?

### לאָה

און נאָך אַלעמען אַז זיי ווערן שוין דורכגעשטאָכן מיט די שפּיזן, צוטראָטן פון די פערד, פון זייערע נעכטיקע ברידער און היינטיקע פיינד, וואָס פאַר אַ באַלוינונג ניט זיי די רעגירונג, ווען זיי קערן זיך צוריק אום אַהיים

### ראָזע

וואָס פאַר אַ באַלוינונג — די טויטע לאָזט מען אויפ'ן פעלד, ווייל זיי צו באַערדיגן איז קיין צייט נישטאָ און ווילדע פויגלען אָדער חיות עסן זיי אויף און צוטראָגן זייערע ביינער אויף אַלע זייטן; און ווען מ'בלייבט אונגליקלאַכערווייזע לעבן, דאַן קומען די דאָקטוירים, קלעפּן דיר ווי נישט איז צונויף און מאַכן דיך פאַר אַן אייביקן קריפּל.

### לאָה

איך קוק דיר אָן ראָזע, און וואונדער זיך, פון וואַנען האָסטו עס אַלץ גענומען. . . ווי קומט דאָס צו דיר! אַט מיט צוויי יאָר צוריק, ביז-



טו אַזוי נאַאיוו געווען. — פלעגסט וויינען ווען גרישאַ איז אַוועק אויף אַ פאַרזאַמלונג, אָדער ווען ער האָט אַ בוך געלעזן און דיך ווייניק צייט געשאָנקען. דו פלעגסט זיך קלאָגן פאַר מיר און עצות פרעגן. איך האָב דיר געזאָגט: אַז ליבע איז שקלאַפעריי, און אַ מענטש וועלכער שטרעבט צו פערזענלאַכע פרייהייט, קאָן זיין ציל נישט עררייכן אין דער צייט ווען ער מוז זיין דער ליבע אונטערוואָרפן. גרישאַ האָט דיר אימער ליב געהאַט און איז מיט דיר אויף קאָמפּראָמיסן איינגעגאַנגען.

### ראָזע

איך ווייס נישט וויפיל גוט איך האָב געטאָן מיט מיין פּלאַן, אַז גדישאַ זאָל זיך באַהאַלטען. ער ליידט שרעקלאַכע יסורים: כ'ווייס אַז ס'איז אים ערגער ווי אין טורמע. אָבער איך האָב געוואָלט ער זאָל נאָך לעבן, — נאָך אַ מאָנאַט, נאָך אַ וואָך, נאָך אַ טאָג, אַ מינוט לעבן. . . .לעבן !— אַך לעבן איז אַזוי טייער, ווען דער טויט שטייט פאַר די אויגן!

### לאָה

גרישאַ וואָלט זיכער דיין פּלאַן ניט אויפגענומען, ווען ער וואָלט דיר נישט אַזוי שטאַרק געליבט; נישט ווייל ס'טויג נישט, נאָר ווער ווייסט, אויב נאָך אַזאַ שרעקלאַכער אונטערנעמונג, זאָל ער נאָך ווי אַ פייגלינג שטאַרבן, און פיליכט נאָך — אין זיין איינענעם צימער. . .

### ראָזע

און וואָס איז נישט אַלץ איינס וואו צו שטאַרבן, צו דאָ אין שטוב צו אויף אַ ווילדן פעלד; טויט איז טויט, אין וועלכע פאָרמען א.ן וואו ער זאָל זיך נישט ווייזן.

### לאָה

אמאָל איז אַ גרויסער אונטערשייד! . . .

ראָזע

טייערע לאה! אכט מאָנאַטן ווי מ'שלאָגט זיך און דאָס איז פאַר מיר געווען, אכט יאָר לערע אין הויך־שולע. אָט נעם די אַלע געלערנטע; די שרייבער, דיכטער און פּראָפעסאָרן,זיי לערנען דריי און אמאָל פינף מאָל אכט, זיי פירן איבער די אויגן בּאַ די ביכער. טוען אָן געשליפענע אויגן־גלעזער אין גאָלדענע ראַמען: — קוקן ווייט, ווייט אויף אַלע וועלטן. זיי ווייסן די נעמען פון יעדן גרעזל, זעען וואָס עס טוט זיך טויזנטער מיילן ווייט פון זיי, און קאָנען נים זען, וואָס ס'טוט זיך דאָ לעבן זייערע אויגן.

לאה

שאַ, הער אויף ריידן! די מוטער גייט, מ'דאַרף איר קיין זאַלץ אויף אירע וואונדן נים שיטן, מיר קאָנען סיי ווי גאָרנישט העלפן.
(רחל קומט אַריין פון אַנדערן צימער וואו גרישאַ געפינט זיך)

רחל

אוי גאָט! (זי הויבט אויף די הענט) וואָרום האָסטו מיך אַזוי באַשטראָפט? ער'ט דאָס נישט אויסהאַלטן מיין קינד. (ווענדט זיך צו ראָזע'ן) און נאָך די צייטונגען וואָס דו ברייגנסט אים יעדן טאָג, פירן אים פון זינען אַראָפּ. יעדע פּאָר מינוט צעררייסט ער אַן אַנדער צייטונג. אויף מיינע פראַגן, שאָקלט ער נאָר מיט'ן קאָפּ און ענטפערט נישט (זי פאַנגט אָן וויינען) ווי ער זעט אויס! — אַזוי ווי ער וואָלט שוין אכט יאָר אין טורמע געזעסן. רבונו־של־עולם! דערבאַרם זיך שוין אויף מיר און געפין שוין עפּעס אַ זכות, און ראַטעווע מיין קינד. . . . איך וויל נישט זינדיקן; מ'טאָר נישט! אָבער כ'ווייס נישט וואָס איך זאָל זאָגן: — צו איז דאָס בעסער אָדער ערגער.

ראָזע

וואָס מיינט איר מוטער, בעסער אָדער ערגער?



רחל

אָט דאָס וואָס ער באַהאַלט זיך. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך וויל נישט מיין קינד אויף דער שחיטה שיקן; אָבער צו ער וועט דאָס אויסהאַלטן, אַזאַ מין לעבן, דאָס איז אַ פראַגע.

ראָזע

דאגה'ט נישט מוטער! נישט לאַנג וועט דויערן און די זון וועט ווידער אירע ליכטיקע שטראַלן ברייגנען, די מלחמה וועט אויפהערן און ס'וועט ווידער זיין פרידן ווי געווען; און אַלע וועלן ווידער גליקלאַך און צופרידן זיין.

רחל

קינד וואָס דו ביזט, די מלחמה וועט אויפהערן זיכער וועט זי אויפהערן, אָבער צו די מוטערס וועלן גליקלאַך און צופרידן זיין; די מוטערס וועלכע האָבן זייערע טייערסטע פאַרלאָרן. . . אָה קינד! — אַ מוטער מוז מען זיין אום דאָס צו פילן.

לאָה

(קוקט אויפן זייגער) ס'איז שוין צען אור, כ'מוז גיין שלאָפן, איך אַרבעט אַפילו שווער און לאַנגע שטונדן, טו שמוציקע אַרבעט, פון זיבן אינדערפרי, ביז זיבן בּאַ נאַכט, — גאַנצע צוועלף שעה! אָבער ווען איך דערמאָן מיך, אַז איך העלף מיין ברודער פון אַ זיכערן טויט, דאַן איז די גאַנצע אַרבעט בּאַ מיר אַ שפּילכל.

רחל

גיי, גיי מיין קינד, מיין כשרה נשמה ; גאָט וועט אונז העלפן און אונז וועט נאָך גוט זיין (זיפצט) מ'טאָר די האָפנונג נישט פאַרלירן, (גייט צום פענסטער) גיי שלאָפן מיין קינד! איך וועל שפּעטער אויך קומען. דו ווייסט דאָך, אַז יעדן אָוונד און פרימאָרגן, איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס, גיי איך אַראָפּ אין דרויסן, דריי זיך אַרום עטע־

לאַבע שטונדן; איך קוק אין אַלע ווינקלען, איך זוך אין אַלע זייטן. . . — א מאַמע׳ס האַרץ! (גייט ארויס)

**לאָה**

(צו ראָזע׳ן) דו וועסט נאָך דאָ בלייבן?

**ראָזע**

יאָ, איך וויל נאָך זען גרישאַ׳ן.

**לאָה**

א גוטע נאַכט ראָזע! — צום ווידערזען.

**ראָזע**

זיי געזונט! (לאָה גייט ארויס)

(ראָזע שטייט עטלאַכע מינוט אומבאַוועגלאַך. פון גרישאַ׳ס צי־מער הערט זיך טריט און אומפאַרשטענדלאַכע ווערטער. פון גאַס הערט זיך א געוויין פון פרויען. ס׳זעט זיך ווי סאָלדאַטן גייען פאַר־ביי די פענסטער. זי גייט צו צום פענסטער, גיט אַ קוק און זעצט זיך אנידער. גרישאַ קומט אריין, ער זעט אויס זייער שלעכט, די האָר ניט פארקעמט און נישט געגאָלט. ער דערזעט ראָזע׳ן און גייט צו נענטער)

**גרישאַ**

ראָזע! דו ביזט נאָך דאָ? אַך ווי גליקלאַך איך בין יעצט! . . . (ער זעצט זיך לעבן איר) איך זיץ באַ מיר אין צימער און לייען און לייען: אָן אָן אויפהער, אָן אַ ברעג. כ׳האָב מיך שוין עטלאַכע מאָל א נדר געגעבן, נישט צו לייענען מער די צייטונגען, זיי מאַכן מיר קראַנק; נאָר איך קאָן זיך נישט העלפן. ווי לייענט מען נישט די אַלע גרויסזאַמקייטן און וואָס זאָל איך טאָן מיט אַזוי פיל צייט! (שווייגט א ווײַלע) אַך ראָזע! ס׳איז מיר אַזוי שלעכט, אַזוי שלעכט! . אַט דאָרטן באַ מיר אין צימער, (ווייזט אויפ׳ן צימער) אין דעם קבר,



עס נאָגט מיר אַזוי דאָס האַרץ און אין קאָפּ איז אַזוי שווער! . . .

**ראָזע**

טוט דיר וואָס וויי, גרישאַ? (נעמט אים ארום)

**גרישאַ**

איך ווייס אַליין נישט, איך בין נישט קראַנק; אָבער עפּעס פיל איך זיך נישט גוט. טייערע ראָזאָצקע, כ׳בעט דיר דו זאָלסט נישט אין כעס ווערן; ווידער וועל איך דיר פון קריג דערציילן; — פון דעם שרעקלאַכן, גרויסזאַמן קריג. (נעמט די צייטונג, קוקט אַ פּאָר סעקונדן, גיט א מאַך מיט דער האַנט, זייער אויפגערעגט) ניין! . . ניין זאָל זיין, כ׳וועל נישט. . . נישט. . . .

**ראָזע**

זיי נישט אויפגערעגט, זעץ זיך דאָ באַם פענסטער. (נעמט אים פאַרן האַנט)

**גרישאַ**

(קוקט אין פענסטער) עס הערט זיך ויידער ווי מען וויינט; אַזוי ווי מען וואָלט א טויטן באַוויינען. אַט דו זעסט טייערע! — נעכטן איז נאָך אין יענער הויז געווען האָפנונג: א מוטער האָט נאָך געהאָפט, — פיליייכט וועט מען איר קינד און שפּייזר פאַנגען און ער וועט זיין לעבן ראַטעוון; אָדער לייכט פאַרוואונדעט ווערן, אָדער אַפילו מיט איין האַנט אָדער פוס אָפּקומען, אַבי זי זאָל אים צוריק זען. און איצט דו זעסט; . . . דער טויט האָט געשיקט אָנזאָגן, דאָס איר קינד׳ס לעבן איז איבערגעשניטן. . . . אין שווארצן זיינען פאַרהאַנגען די פענסטער, עס שיינט זיך דורך א ליכט און לעבן שטוב, וויינען קליינע קינדער־לאַך.

**ראָזע**

קום אוועק, רוק זיך אָפּ פון פענסטער.

**גרישאַ**

און דאָרט, מינטערט מען אָן אַלטע מוטער;-און אָט דאָרט, (ווייזט מיט דער האַנט און פאַנגט אָן ארומגיין איבער'ן צימער) פירט מען באַערדיקן אַ יונגע כלה; זי האָט זיכער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן, די אומנאַטירלאַכע שמערצן, דעם אומזיסטיקן טויט פון איר געליבטן. (ער כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ)

**ראָזע**

קום צום טיש, נענוג שמערצן און צרות, פאַרגעס אַ ווײַלע. . . . קום, איך וועל פאַר דיר וואָס זינגען; אָט פון יענע לידער וועלכע דו האָסט אַזוי ליב!

**גרישאַ**

(גייט צו צום טיש) דו ביזט היינט אַזוי שיין! אַזוי צויבערלאַך שיין! דיינע קליידער זיינען אָרעם, אָבער דו זעסט אוים אַזוי ליב אין זיי! דיינע האָר זיינען ניט פאַרקעמט און דיין קערפּער עטוואָכ איינגעבוינן, אָבער ווי אַ ווענוס זעסטו אוים. . . (פּאַוזע) וואָס זיינען דאָס פאַרא רויטע לענטן אויף דיין קאָפּ?

**ראָזע**

היינט איז דער ערשטער מאַי.

**גרישאַ**

דער ערשטער מאַי! דאָס איז דער ערשטער יאָר, אַז איך זאָל דעם ערשטען מאַי פאַרגעסן.

**ראָזע**

דערקלער מיר די באַדייטונג פון דעם ערשטן מאַי.

**גרישאַ**

ס'איז דער ערשטער מאַי און דו פייערסט היינט, ראָזעלע, דעם



ערשטן מאַי, דעם ערשטן יאָר אין דיין לעבן, נישט ריכטיק? דער ערשטער מאַי איז אַ סיגנאַל פאַר באַפרייאונג, פאַר דערלייזונג פון שקלפעריי; מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק, זיינען זיבן מענשן ברוטאַל דאַרמאָרדעט געוואָרן, פאַר דעם איינציקן פאַרברעכן, דאָס זיי האָבן געוואָלט גרינגער לעבן און אויך פאַר זייערע ליידענדע ברידער. זיי האָבן געקעמפט און די רייכע האָבן זיי דערמאָרעט: ווייל אַ גרינגערער לעבן פאַר די אָרימע, מיינט וויינינגער פראָפיט פאַר די רייכע.

**ראָזע**

וואָרום הרג'עט מען איצט אוים מיליאָנען? אויב נישט פאַר די פראָפיטן פאַר די רייכע.

די אָרימע דאַרפן נאָר זיין, עקזיסטירן, אָבער ניט לעבן. . . זיי דאַרפן קאָנען גיין מיט די פיס, אום זיי זאָלן צו דער אַרבעט קומען. זיי דאַרפן האָבן געזונטע הענט, זיי זאָלן קאָנען אַרבעטן און אַזוי מיט אַלץ; זיי עסן אום צו קאָנען אַרבעטן, — אַרבעטן צו האָבן פאַר וואָס צום עסן. ס'קוקט אוים ווי די אָרעמע וואָלטן נאָר באַשאַפן געוואָרן צום אַרבעטן און שאַפן און די רייכע אַלעס צו פאַרשווענדן.

**ראָזע**

פון די זיבן מאַרטירער, הער איך דאָס ערשטע מאָל.

**גרישאַ**

(דריקט איר די האַנט) ווי גליקלאַך איך בין צו זען, אַז דו קליינע, נאַאיווע, אומשולדיקע נשמה: האָסט פון פרייהייט גענומען טרוימען. ברייננט עס דיר נישט קיין פאַרגעניגן, ווען דו האָסט אַ שטרעבונג און האָפסט, — אויב נישט היינט, איז איבעראיאָר, אָדער פיליכט נאָך שפּעטער: ועסטו דאָך פרייהייט אויסקעמפען. איז נישט דיין לעבן מער אינטערעסאַנט אין קאַמף פאַר אַזאַ ליכטיקן אידעאַל — און וועלכע זיסע חלומות, די שיינע פאַנטאַזיען ברייננען דיר! . . .

**ראָזע**

אַך, מיט וואָס פאַר אַ אומגעדולד איך וואַרט, אַז די אַלע טרוימען זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן!

**גרישאַ**

ווי גליקלעך איך בין, דאָס איך זע אין דיר, דאָס וואָס איך האָב געוואָלט זען. איך מוז דיר אָבער זאָגן טייערע, אַז דער ערשטער מאַי איז מער קיין יום־טוב נישט. וואָס פאַר אַן אָנדיינקונג קאָנען זיבן מאַרטירער האָבן, וועלכע זיינען ברוטאַל דערמאָרדעט געוואָרן; מיט פיל יאָר צוריק. ווען פאַר אונזערע אויגן ווערן מיליאָנען דער׳הרג׳עט וועלכע זיינען אויך אַזוי אומשולדיק ווי די ערשטע, פאַר דער איינציקע זאַך; — פאַר פאַרדינסט פאַר די רייכע. . . . (די לעצטע ווערטער רעדט ער אויס מיט כעס)

**ראָזע**

(מיט בעטענדן טאָן) — ערגער זיך נישט!

**גרישאַ**

יאָ, טייערע, כ׳וועל נישט. (פאַוזע) איצט, אויב דו ווילסט, זינג! — זינג זייער שטיל. איך וועל צומאַכן די פענסטער. קיינער טאָר נישט הערן, אַז נישט קאָן מען זיך נאָך כאַפּן: אַז דו ווילסט מיין לעבן רעטן, און פאַר וועלן אַ לעבן רעטן, וועט מ׳דיך פאַראורטיילן ווי פאַר דעם גרעסטן פאַרברעכן! מ׳וועט דיר פאַראורטיילן נאָך ערגער ווי אַן אונטערצינדערין, אָדער מערדער. די שכנים, די מענשן פון גאַס, דיינע פריינד מיט וועלכע דו האָסט נעכטן צוזאַמען געאַרבעט; אַזוי ווי די מערהייט פון דער געזעלשאַפט, — וועלן שרייען, אַז דו ביזט אַ פאַרברעכערין. . . אָדער גאָר משוגע. (פאַוזע) — נו, זינג!

**ראָזע**

וואָס זאָל איך זינגען?



**גרישאַ**

זינג די שמערץ פון אַן אומגליקלעכער מוטער, וועלכע פאַרלירט דריי זין אין דעם אומזיניקן קריג.

**ראָזע**

יאָ, איך ווייס פון אַזאַ ליד; ״די צעבראָכענע האַרץ״ רופט מען זי. (זי זינגט)

דריי ראָזן, דריי שיינע בלומען,<br>
האָט מען פון מיר אַוועקגענומען;<br>
דריי ראָזן, דריי שיינע בלומען,<br>
ליגן אין קבר און שטומען. . .

**גרישאַ**

גענוג, גענוג פאַר היינט. (קוקט איר אין די אויגן) וואָרום טרערן דיינע אויגן, איך קוק דען אויס אַזוי שרעקלעך?

**ראָזע**

איך וויין? — ניין גרישאַ, דיר דאַכט זיך. (פאַוזע) איכ׳ל שוין גיין. דיין מוטער קומט באַלד אַרויף. זי איז מיד און דאַרף גיין שלאָפן.

**גרישאַ**

אָבער מאָרגן וועסטו קומען אַביסל פריער?

**ראָזע**

יאָ, זאָג מיר, וואָרום שטייט דיין מוטער אַזוי לאַנג אויפן גאַס?

**גרישאַ**

שכנים מוזן ריידן. . דו דיינקסט מ׳ווייסט ניט? — ווענט האָבן אויערן און פעלדער זעען. איך בין אָסור ניט אין כעס אויף די אומגליקלעכע מוטערס וועלכע ריידן אויף מיר, אין דער צייט ווען

מ'האָט באַ זיי צוגענומען, זייערע טייערסטע און ליבסטע.

## ראָזע

(גיט אים די האַנט) אַ גוטע נאַכט! איך פאַרהאָף ס'וועט גאָרנישט געשען. זיי רואיק און שטאַרק זיך; ווער נישט אויפגערעגט פון יעדער קליינינקייט, — דו האָסט זיך שוין באַדאַרפט צוגעוואוינען צו די פּאַסירונגען.

## גרישאַ

אַ גוטע נאַכט טייערע! (קושט איר) פאַרגעס נישט מאָרגן עטוואָס פריער.

(ראָזע גייט אַרויס)

## גרישאַ

(עפנט די פענסטער, נעמט אַ בילד פון טיש, קוקט אַ ווײַלע און לייגט אים אַוועק)

פאַרלאָרן איז מיין גליק און אויף ליכט איז מער קיין האָפנונג. גאָר נישט לאַנג האָבן מיר געהאָפט, אַז מיר וועלן אַוועקפאָרן פון שטאָט, אין אַ קליין פּלאַץ, וואוהין אונז האָט אימער געצויגן. די רו פון די ברייטע פעלדער: מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט; — ווי מיר גייען ביידע פאַרנאַכט אין פעלד אין דער אונענדלאַכער שטילקייט. . פון דערווייטנס זעען מיר דעם גרינעם וואַלד, מיט די פאַרקרימטע וועגן און מיר הערן די יאַשטשעריטצעס פון דאַרבייאיקן זומפּ; און איבער אונז דער בלויער הימל און שטערן. . . אָך ווי גליקלאָך מיר וואָלטן געווען, ווען מיר וואָלטן פּטור געוואָרן פון דער גהנום'דיקער שטאָט, מיט אירע שמוציקע פאַבריקן, פינסטערע, נאַסע קעלערן, קאַזאַרמעס און טורמעס. (פּאַוזע) אָבער וואָס איז איצט געוואָרן? (נעמט די צייטונג און קוקט מיט כעס) — אָה, מערדער! מערדער! . . .



(ער וואַרפט אַוועק די צייטונג און גייט אַרויס. — די סצענע בלייבט אַ ווײַלע פּוסט. ס'עפנט זיך די טיר פון דער אַנדערער זייט צימער און לאָה אין נאַכט־קליידער און מיט ניט־פאַרמאַכטע שיך, אַ פאַרשלאָפענע, רייבט זיך די אויגן, קוקט אין אַלע זייטן און גייט צו צום פענסטער)

## לאָה

ער איז דאָ נישטאָ. . . איז עס אַ חלום געווען? איך האָב דאַכט מיר געהערט זיין שטימע און ווי ער האָט געקנייטשט די צייטונג און זי צוריסן. (בויגט זיך איין) אָט איז די צייטונג (קוקט אין איר) אַזאַ איבערקערעניש! אַזאַ שרעק! מיין אומגליקלאַכער ברודער! . . . דאָס האָט אים קראַנק געמאַכט. (גייט צו צו גרישאַ'ס צימער און הערט זיך איין) — אימער דאָסזעלבע. אָך ווי שרעקלאָך דאָס איז! אַזאַ רואיקן און איינגעהאַלטענעם מענטשן, איז שווער געווען צו געפינען און יעצט אַזוי צובראָכן! ער לייענט זייער פיל און אַלץ וואָס ער לייענט, צורייסט ער אויף קליינע שמיקלאָך, אַזוי ווי דאָס וואָלט פאַלשע וועקסלען אָדער אומלעגאַלע בריוו געווען און ער האָט זייער מורא פאַר אַן אָנפאַל. ער איז זיכער קראַנק.

(ס'הערט זיך אַ געוויין פון גאַס. לאָה זעצט זיך און קוקט אַרויס אין גאַס. — רחל קומט אַריין, איינגעטולעט אין אַ פאַרטשיילע, טרייסלט זיך פון קעלט. אַ מידע זעצט זי זיך אַוועק לעבן טיש ; זי זעט נישט לאָה'ן)

## רחל

די נעכט זיינען נאָך קאַלטע, כאָטשע ס'איז שוין מאַי. . . (זיפצט) און פינסטער איז מיר אין מיינע אויגן, כאָטש די לבנה איז אַזוי העל! מיד און אַלט בין איך געוואָרן. . . (פּאַוזע) איך בין אינגאַנצן זעקס און פערציק יאָר. . . (דערזעט לאָה'ן) — לאָה! ווי קומט עס, דאָס דו שלאָפסט נאָך נישט? ס'איז דאָך שוין אַזוי שפּעט.

דו דאַרפסט דאָך אזוי פרי צו דער ארבעט גיין. . .

לאָה

(דארשראָקן) — כ'האָב געוואָלט וואָס אַוועקלייגן, (שווייגט) וואָרום שטייסטו יעדע נאכט אַזעלכע לאַנגע שטונדן אין גאָס? — קאָנסטו דען מיט דעם וואָס העלפן?

רחל

דער יום־הדין, דער יום־הדין איז געקומען. . . מיט מיינע אויגן וועל איך זען, ווי מ'נעמט מיין קינד פון מיר צו. . . הלואי זאָל איך ליגן זאָגן. . . איך פיל אַז עס איז די לעצטע טעג. צופיל ליגט גרישאַ באַ יעדן אין מויל. (זיפצט) כ'האָב מורא, אַז יעדע שעה קאָן מען קומען און אויף דעם וואָס מיר האָבן גערוואַרט קאָן חס וחלילה געשען.
(ס'הערט זיך ווי גרישאַ לייענט און רעדט צו זיך אליין, וואָס קען מען ניט הערן)

רחל

(גייט לאַנגזאַם צו גרישאַ'ס צימער און הערט זיך איין: — צו לאָה'ן)
גרישאַ שלאָפט נאָך נישט? (דערזעט דאָס פּאַפּיר אויף דער ערד) — ער איז דאָ געוועזן? . . . וואָס זאָגט ער?

לאָה

מוטער, גרישאַ איז נישט געזונט, מ'דאַרף רופן אַ דאָקטאָר.

רחל

(מיט שרעק) — וואָס! ניט. . . געזונט. . . וואָס איז מיט אים?

לאָה

ער זאָגט נישט וואָס, נאָר איך זע, אַז מ'דאַרף רופן אַ דאָקטאָר.



רחל

אָבער אין אַזאַ צייט, אַ דאָקטאָר! — מ'וועט דאָך איך גלייך אויסגעפינען.

לאָה

אויב ער איז אָבער קראַנק, מוז מען רופן אַ דאָקטאָר און אַז דער דאָקטאָר וועט זאָגן, אַז ער איז קראַנק, וועט ער אים אַרויסגעגעבן אַ צעטל און ער וועט זיין פריי.

רחל

(וויינט) אך. . . אַזאַ פרייהייט אויף אונזערע שונאים געזאָגט געוואָרן; — אויף די וועלכע פאַרניכטן אונזער געזונט און לעבן. — גיי שלאָפן, מיין קינד!

לאָה

און דו מוטער, ערגער זיך נישט און גיי אויך שלאָפן; היינט איז שוין סיי ווי שפּעט צו רופן אַ דאָקטאָר. אין דערפרי וועט מען זען וואָס מ'האָט צו טאָן. (זי גייט אַרויס. רחל פאַרבאָרגט איר גע־זיכט מיט אירע הענט. ס'הערט זיך ווי זי וויינט: זי גייט צו צום טיש, נעמט וואָס און גייט לאַנגזאַם צום טיר)

(פאָרהאַנג פאַלט)

---

## צווייטער בילד פון דריטן אקט

אַ קליינער צימער, אין מיטן אַ פענסטער. די פאַרהאַנגען זיינען אַרונטערגעלאָזט. באַם פענסטער שטייט אַ טישל, אויף וועלכן עטלאַכע בילדער שטייען אָנגעשפּאַרט צום וואַנט. אינמיטן — אַ קעראָסין־לאָמפּ, וועלכער ברענט

זייער טונקל. טינט און פעדער, עטלאכע ביכער, צייטונגען און בלומען שטייען אויפן טישל. בא דער אַנדערער זייט שטייט אַן אייזערנער בעטל, אויף וועלכער ס'ליגן אסך צייטונגען. לעבן בעטל — אַ שטול און לעבן שטול אַ צווייטער. גרישאַ זיצם באַם טיש מיט אַ צייטונג אין האַנט.

גרישאַ

(ער לעזט הויך און מיט אויפרעגונג)

אַפיציעלע באַקאַנטמאַכונג: — פעטראָגראַד: — דורך איין וואָך האָט דער שונאַ פאַרלאָרן ביז 3600 אָפיצערן און איבער 200,000 סאָלדאַטן, 43 שווערע האַרמאַטן און 863 האַנט־גראַנאַטן.

פעטראָגראַד: — באַם אַריבערגיין די "ווייסל" האָבן אונזערע בראַווע סאָלדאַטן פאַרניכטעט גאַנצע באַטאַליאָנען פונ'ם שונאַ. דער טייך איז געווען אָנגעשאָטן מיט אַזוי פיל טויטע, דאָס די שיפן האָבן זיך געמוזט אָפּשטעלן. — דורך אונזערע שווערע האַרמאַטן, זיינען גאַנצע באַטאַליאָנען ווי די פליגן אויסגעפאַלן. הענט און פיס, קעפּ און צוריסענע שטיקער קערפּערס האָבן מיר אין צענטער שטאָט געפונען.

בערלין: — אין די "קאַרפּאַטן" האָט דער שונאַ אויסגעלייגט טויזענטער סאָלדאַטן אויף דער ערד, אַריבערצופירן די גרויסע האַרמאַטן, ווייל די וועגן זיינען זייער זומפּיק און אַנדערש זיי אַריבערפירן איז אומעגלאַך געווען.

פּאַריז: — דער מאַרן איז רויט פון בלוט און פול מיט קערפּערס.

לאָנדאָן: — גאַנצע קאַרס פון דער'הרג'טע אָנגעוואָרפן איינער אויפן צווייטן, האָט מען אין מאָרג אָפּגעפירט, דורך אַן אָנפאַל פון דייטשע צעפּעלינס.

פּאַריז: — דער הויפּט־קאָמאַנדיר האָט באַדאַנקט די אַלזשירער פאַר זייערע העלדן־טאַטן געגן שונאַ. זיי האָבן זיך פריער געשלאָגן



מיט ביקסן און ווען זיי האָבן קיין קוילן מער נישט געהאַט, זיינען זיי מיט מעסער און קינז'אַלן באַפאַלן און צולעצט האָבן זיי זיך צום שונאַ אין לאַגער אַריינגעריסן און מיט די הענט און ציינער חרוב געמאַכט ביז איינעם.

פעטראָגראַד: — פון זיבן הונדערט טויזנט קינדער און אַלטע, וועלכע זיינען פון זייערע היימען אַנטלאָפן זיינען פערציק טויזנט אויסגעשטאָרבן פון שמוץ, הונגער און קעלט. דער גאַנצער וועג לעבן באַגדאַד איז מיט טויטע קערפּערס אָנגעשאָטן. — אין גרויס איילעניש, האָט דער שונאַ אַראָפּגענומען די קליידער פון די דער'הרג'טע אום זיי צו באַערדיגן איז קיין צייט נישט געווען (ער שטעלט זיך אָפּ און כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ) — אַזעלכע גרויסזאַמקייטן! . . . אַזוי פיל בערג מיט טויטע! . . . מיט מענשלאַכע בלוט און פלייש! און דאָס איז נאָר פון איין נומער. (גייט איבער'ן צימער הין און צוריק און שטעלט זיך אָפּ) — און איך! — ראַטעווע מיין לעבן. בין איך גערעכט? — דאַרף איך עס טאָן? אָדער, פיליכט בין איך אַ פייגלינג, אַ פאַררעטער? איך באַהאַלט זיך און ראַטעווע מיין לעבן. . . און דאָרטן, אַזוי פיל אומשולדיקע בלוט! אַזוי פיל לעבנס! (נעמט אַ צייטונג און קוקט) אויב דאָס אַלץ איז ריכטיק, ווי אַזוי קאָן מען זיך גלייכגילטיק באַהאַלטן? זאָל איך פיליכט אַרויסגיין אין גאַס און זאָגן: "איך האָב זיך באַהאַלטן, כ'בין אַ פייגלינג געווען. איך האָב מורא געהאַט פאַר דעם פייערדיגן צונג פון קריג. (טראַכט) ניין . . . ניין. . . אין גאַס וועל איך נישט אַרויס; אָבער בלוט! ראַכע! פון די פאַראורזאַכער פון בלוט. . . (כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ און קרעכצט, רעדט אומפאַרשטענדלאַכע ווערטער. גייט און לייגט זיך אין בעט. אַ קורצע צייט איז שטיל און דאַן הערט זיך טריט און קלאַפּן אין טיר. עס הערט זיך ווי רחל און לאה זאָגן: — "אָט דאָ, דאָ, הער דאָקטאָר, דאָ ליגט ער")

### גרישאַ

(הערט זיך צו און קוקט אויף דער טיר)

— דער דאָקטאָר? ווער דאַרף אים דאָ? ווער האָט געשיקט נאָך אים? — בין איך דען קראַנק? . . .

(ער גייט און עפנט די טיר. רחל, לאה און דער דאָקטאָר קומען אריין)

### דער דאָקטאָר

מיטעלער וואוקס, רונד געזיכט, לאַנגע האָר; פיין פאַר קעמט, אין אַ שווארצן פראַק און צילינדער. אין איין האַנט, האַלט ער אַ שטעקן און אין דער צווייטער — אַ לעדערנע בייטל. ער שטעלט זי אוועק אויף דער ערד.

(גייט צו נענטער צו גרישאַ׳ן און גיט אים די האַנט)

גוט אָוונט!

### רחל

מיין קינד, דאָס איז דער דאָקטאָר. איך דיינק אַז דו ביזט קראַנק.

### דער דאָקטאָר

(נייגט זיך) — לעאָן וואַסערמאַן.

### גרישאַ

גרישאַ רויטבערג; זייער צופרידן הער וואַסערמאַן, אָבער צו וואָס זייט איר צו מיר געקומען?

### דער דאָקטאָר

מ׳האָט מיך גערופן, בין איך געקומען. (קוקט אויף אַלע זייטן)

### גרישאַ

נישט ריכטיק, ס׳איז אייך זייער נישט אנגענעם צו קוקן אויף



דער אָרימקייט וואָס איר זעט דאָ?

### דער דאָקטאָר

זייט רואיק, גרישאַ! איך בין געוואוינט צו דעם.

(עפנט די בייטל און נעמט וואָס און טאַפּט גרישאַ׳ס קאָפּ)

עטוואָס היץ, אבער נישט געפערלאַך. וועט איר אזוי גוט זיין און לייגן זיך אין בעט, איך זאָל אייך קאָנען באַטראַכטען?

### גרישאַ

(ווייזט אויפ׳ן קאָפּ)

ניט־דאָ, ניט־דאָ הער דאָקטאָר טוט מיר וויי. קענט איר זען וואָס ס׳טוט זיך בא מיר אין הארצן? — אין מיין נשמה? — קאָנט איך אריינדרינגען טיף אין מיין נשמה און אויסגעפינען די ליידן און ווייען? — די ריכטיקע קראַנקייט! . . . נישט ריכטיק הער וואַסערמאַן, איר קאָנט עס נישט? . ...

### דער דאָקטאָר

באַרואיקט אייך יונגערמאַן! ס׳שטערט אייך צו אייער געזונט. (קערט זיך אום צו רחל׳ען און זאָגט איר שטיל) עטוואָס גערירט פון זינען, אָבער נישט געפערלאַך. שרעקט אייך נישט. (רחל פאַנגט אָן וויינען באַדעקט איר געזיכט, גרישאַ זאָל נישט זען) — זאָגט מיר יונגערמאַן וואָס פילט איר טוט אייך וויי און פון וואָס ליידט איר אממערסטן?

### גרישאַ

(איראָניש — איר פרעגט נישט ריכטיק, הער דאָקטאָר. פרעגט מיר בעסער וואָס טוט מיר נישט וויי און פון וואָס לייד איך אמווייניקסטן, דאַן וועל איך אייך זאָגן: — אָבער. . . (פּאַוזע)

(דער דאָקטאָר זאָגט ווידער וואָס רחל׳ען און לאה׳ן. זיי ווערן זייער אומעטיק.

גרישאַ

הער וואַסערמאַן, וואָס וועט איר זאָגן, ווען איך וואָלט למשל אייך נעמען, אַוועקלייגן אויף דער ערד און הייסן אַריבערפירן איבער אייך וואָגנס מיט אייזן? ווי וועט איר זיך פילן נאָך אַזאַ מאַסאַזש?

דער דאָקטאָר

(קוקט אים דערשראָקן און איז זייער נערוועז)
וואָס מיינט איר דאַמיט?

רחל

(וויינט) — מיין טייערער קינד! (צו זיך) ער איז קראַנק! . . .

לאָה

גרישאַ, וואָס רעדסטו אַזוינס?

גרישאַ

און ווי וועט זיין, ווען איך וועל אייך צושפּאַרן צום וואַנט, —אייך טויטן און איר׳ט אפילו נישט קאָנען פאַלן; נאָר שטאַרבן שטייענדיק?

דער דאָקטאָר

(מיט שרעק) — יונגערמאַן! וואָס איז מיט אייך? . . .

גרישאַ

אָדער ווי וועט זיין, ווען איך וועל אַראָפּרייסן אייער נאָז, אַרויסרייסן אייערע אויגן, צוברעכן אייערע ציין, — הענט און פיס, און לאָזן אייך אין אייער איינן בלוט און אַוועקגיין? — (דער דאָקטאָר ווערט זייער דערשראָקן. רחל און לאָה נעמען אים באַם האַנט און וויינען. גרישאַ שטעלט אוים זיינע אויגן צום דאָקטאָר) — שרעקט זיך נישט איך טו דאָס נישט; איך פרעג נאָר.



דער דאָקטאָר

(צו רחל׳ען שטילערהייד)
אייער זון איז משוגע. . .
(רחל פאַנגט אָן וויינען העכער)

גרישאַ

נישט ריכטיק, איך וואָלט געווען א חיה, א שרעקלאַכע בריה? מ׳וואָלט מיך דערשאָסן און אויף לעבעדיקע בילדער אין אַלע טעאַטערע באַוויזן: ״דעם מענשן־חיה״. מ׳וואָלט געשטאַנען באַ די טירן פון די טעאַטערע און געשריען: ״א וואונדער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אַ מענש אַ חיה! נאָר צען קאָפּיקעס, קומט אריין!״ און מענטשן וואָלטן זיך זיך געשטופּט און געקוועטשט, געשאָטן ווי זאַמד פון ברעג ים. געקלונגען וואָלט דאָס געלט באַם קאַסירער און די טירן וואָלטן נישט גערוט. און אינווייניק וואָלט מען אָן אויפהער אַפּלאָדירט; איבערהויפּט ווען די פּאָליציי וואָלט מיך געבונדען און דער׳הרג׳עט און פּטור געוואָרן פון דער מענשלאַכער חיה. . נישט ריכטיק, הער דאָקטאָר?

דער דאָקטאָר

(צו רחל׳ען און לאָה׳ן)
ער איז משוגע, מיינע ליבע פרויען.

רחל

(וויינענדיק) איז שוין צו דעם קיין הילף נישטאָ? אָ, מיין אומגליקלאַכער קינד! די מלחמה האט אים נעבאָך קראַנק געמאַכט

דער דאָקטאָר

געפערלאַך אָדער נישט ווייס איך נישט איצט. דאָס וועלן מיר שפּעטער זען: אָבער ער איז . . . איך פאַרשטיי נישט; ביז פופציק מיליאָן שוואַכע און געזונטע, יונגע און אַלטע, גייען אין קריג

ראַטעווען זייער פאָטערלאַנד און אַז גאָט גיט, מ׳בלייבט לעבן, איז גוט און אויב נישט; — ליבע פרויען, וואָס טוט מ׳נישט פאַר׳ן קסר! פריער גאָט און דאַן דער קייזער. איך אַליין האָב אויפן קריג: צוויי ברידער, זיבן שוועסטער־קינדער, דריי אָנקלס מיט זייערע קינדער צוזאַמען און נאָך אסך פריינט. וואָס קאָן מען טאָן: ס׳איז פון גאָט גע־שריבן, ניט ריכטיק ליבע פרויען?

רחל

איך גלויב ניט הער דאָקטאָר, אַז דאָס איז פון גאָט געשריבן, דער׳הרג׳ענען איינע די אַנדערע, נאָר דערפאַר ווייל איינער איז אַ דייטש און דער אַנדערער רוס. זענען דען אין דייטשלאַנד קיין יידן ניטאָ, אַזוי ווי אין רוסלאַנד? זיינען דען בא גאָט ניט אַלע קינדער גלייך?

גרישאַ

(לאַכט) — כאַ־כאַ־כאַ. כ׳האָב מורא אַז גאָט קאָן צו דעם גאָר־נישט טאָן, ווייל ס׳איז פון אונטען אָנגעשריבן אָן אים.

דער דאָקטאָר

(צו רחל׳ען און לאַה׳ן)

איר זעט זיין געלעכטער? אָט דאָס איז עס, נאָר שרעקט זיך נישט, ליבע פרויען! ער איז נאָך נישט זייער געפערלאַך. (ער קוקט אויף גרישאַ׳ן און גרישאַ אויף אים. אַלע שווייגן)

גרישאַ

נישט ריכטיג, דאָקטאָר: נאָך נישט געפערלאַך! . . . זייער אַ שווערע אַרבעט איז זיין אַ דאָקטאָר (עטוואָס ווייכער) איך וויל אייך וואָס פרעגן, הער וואַסערמאַן.

דער דאָקטאָר

פרעגט, יונגערמאַן.



גרישאַ

ווי אַזוי זייט איר געוואָרן אַ דאָקטאָר?

דער דאָקטאָר

ווי אַזוי בין איך אַ דאָקטאָר געוואָרן? — פריער האָבן מיר מיינע עלטערן אָפּגעגעבן אין אַ גימנאַזיום; געענדיגט. — האָט מען מיר געשיקט אין אוניווערזיטעט; דאַרנאָך האָב איך אַרומגערייזט איבער גאַנץ אייראָפּע אין די אוניווערזיטעטן: — געווען אין פּראַג, בערלין, פּאַריז, צוריך; איבעראַל לעקציעס געהערט און פילע שפּראַכן געלערנט און צולעצט דריי יאָר אין אַ האָספּיטאַל געאַרבעט; און בין אַ דאָקטאָר געוואָרן.

גרישאַ

נו, נו! . . . אַזוי פיל געלערנט! אַזוי פיל! — און פאַרשטייט אַזוי ווייניק! . . .

דער דאָקטאָר

(קוקט אויף אים, וויל אים וואָס זאָגן און ווענדט זיך צו רחל׳ען) זייט אַזוי גוט און גייט אַרויס. (צו לאַה׳ן) איר אויך פריילין, לאָזט מיר אַליין פאַר אַ קורצער צייט מיט׳ן קראַנקן. (שטילערהייט) איך קאָן איצט מיט אים דורכריידן, ער איז איצט ווייניקער צוטומלט. (רחל מיט לאַה׳ן גייען אַרויס, דער דאָקטאָר באַגלייט זיי מיט די אויגן און ווענדט זיך צו גרישאַ׳ן) — ווי פילט איר זיך יונגערמאַן?

גרישאַ

איך? — איך פיל זיך זייער נישט אַנגענעם; הערנדיג אַז איר האָט אַזוי פיל געלערנט! אַזוי פיל געלט אויסגעגעבן און אַזוי פיל פּראָפעסאָרן געהערט און זייט געוואָרן אַ דאָקטאָר. מיר דאַכט זיך, דאָס זיין אַ דאָקטאָר איז זייער אַ פאַראַנטוואָרטלאַכע אַרבעט, וועל־כע ליגט בא זעלבסטליבענדע, קליינע מענטשלאַך אין די הענט.

דער דאָקטאָר

(מיט כעס) — איר זייט קראַנק און איך בין געקומען אייך עקזאַמענירן; און נישט אויסהערן צו אַ דאָקטאָר איז גוט אדער נישט.

גרישאַ

דאַן זאָג איך, אַז דער בעסטער דאָקטאָר אין דער איצטיקער געזעלשאַפט: איז דער גרעסטער פאַרברעכער. (מיט אויפרעגונג) פאַר די קלענסטע סומען וועלכע זיי באַקומען פון אונזערע פאַבריקאַנטן און פאַרזיכערונג־געזעלשאַפטן, צושניידן זיי, פאַר׳סם׳ען און מאַכן אַן ענדע צו אונזערע עלנדע ברידער.

דער דאָקטאָר

באַרואיקט אייך, יונגערמאַן!

גרישאַ

איר זייט די גרעסטע פאַרברעכער. דאָך זיצט איר פריי אין אייערע קאַבינעטן און שרייבט ביכער ,ווי די מענטשהייט צו דערלייזן; פון וועלכע איר אַליין ווייסט נישט און אויב יאָ, — לאַכט איר זיך אויס פון דעם.

דער דאָקטאָר

(נעמט גרישאַ׳ן פאַר׳ן האַנט)

אויב איר ווילט געלאַסן ריידן, וועל איך נאָך זיין אַ קורצע צייט מיט אייך, ווייל איך מוז שנעל אַוועקגיין און דאַרף אייך עקזאַמענירן. (מיט אַ ווייכן טאָן) פריינט גרישאַ! איר מוזט זיך סטאַרן זיין געדולדיק.

גרישאַ

זייער גוט, הער דאָקטאָר. כ׳וועל זיך געבן די גרעסטע מי צו ריידן מיט אייך קאַלט. אַלזאָ, איר זעט, דאָס אַ דאָקטאָר נאָך מיין



מיינונג איז אַ שלעכטע באַשעפטיקונג, — וואָרום זייט איר נישט געוואָרן אַן אינזשעניר? איר וואָלט נישט דאַרפן קומען צו קיין קראַנקע ווי איך בין . . . איר וואָלט געבויט לופט־שיפן, וועלכע איר וואָלט אַ נאָמען־געגעבן: — ״די וואַסערמאַנ׳ס״ — זיי וואָלטן אויסזען אַזוי ווי די צעפּעלינס און וואָלטן פליען איבער פרידלאַכע שטעט, שלאָפעריקע קינדער, שוואַכע, אַלטע מענער, איבער שוצלאָזע פרויען; און וואָלט צובראָכן זייערע הייזער, פאַרניכטעט זייער גוטס און צערייסן זייערע לעבנס. אָט וועט איר זאָגן: ס׳איז נישט שיין, — נישט גוט. . . אָבער איר וואָלט דאָך האָבן אַסך געלט און איבערהויפּט אַ נאָמען: — ״די וואַסערמאַנס״ וואָלטן געשריבן די גרעסטע צייטונגען, ״זענען געפלויגען באַ נאַכט אין אַ שטאָט און פאַרניכטעט גאַנצע גאַסן, מויערן מיט מענטשן צוזאַמען. נאַטירלאַך, פון שונאָ: — וואָלט עס נישט געווען בעסער ווי דאָקטאָר?

דער דאָקטאָר

(קוקט אויף גרישאַ׳ן אַ ווײַלע, פאַרבייסט מיט די ליפּן)

יונגערמאַן, איר זייט! . . . .

גרישאַ

(מאַכט זיך נישט הערנדיק)

אָדער איר האָט געקאָנט ווערן אַן אַדוואָקאַט, און איידער איר וואָלט געקומען אין געריכט־הויז, וואָלט איר זיך געזען מיט׳ן אַדוואָקאַט פון אייער קליענט׳ס געגנער: איר וואָלט זיך באַ אַ גלאָז שאַמפּאַן דורכגערעט, וואָס, ווען און ווי אַזוי איר וועט ריידן אין געריכט־הויז פאַר דעם אָנקלאָגער; און דער קאָלעגע אייערער, געגן דעם אָנקלאָגער. אין געריכט־הויז וואָלט איר זיך כלומר׳שט היצן איינע געגן די אַנדערע; און נאָך דעם אורטייל, צו איר, צו דער אַנדערער האָט געוואונען; וואָס וואָלט עס אייך קימערן. איר וואָלט אָפּגענומען די שווער־פאַרהאָרעוועטע רובלס פון די בלינדע אָנקלאָגער און פאַרקלאָגטע.

### דער דאָקטאָר

(הויבט זיך אויף) — וואָס איז דאָס? — איר. . . זייט. . .

### גרישאַ

איר וואָלט זיך אויך קאָנען רופן: ליבעראַל, סאָציאַליסט און זאַנאַר ראַדיקאַל. אָבער ווען מ'וואָלט אייך געגעבן געלט אַסך. . . וואָס וואָלט אייך דאַן געאַרט; — טוגענד, געזעץ, גערעכטיגקייט. איר וואָלט אייער פּנים אומגעקערט, ווען זאָגאַר אייער מוטער זיצט אויף דעם באַנק פון די אָנגעקלאָגטע; — אויב איר נעמט נאָר געלט פון אָנקלאָגער. און אויב אייער לייבלאַכער ברודער, פריינט אָדער אַן אַרבעטער ווערן פאַרקלאָגט פאַר אַ זאַך וואָס איר ווייסט, אַז ס'איז קיין שמעק טאַבאַק נישט ווערט און פיל מאָל, — פאַר פאַרברעכן וואָס זיי זיינען קיינמאָל נישט באַגאַנגען. זאָלן זיי אייך געבן אַסך געלט. . . —געלט! . . . און איר וועט זאָגן, שרייען, טאַנצן, מאַכן מיט די הענט און פיס און זיי באַפרייען. און אויב זיי האָבן נישט קיין געלט. — זאָל זיך גאָט אויף זיי דערבאַרימען.

### דער דאָקטאָר

אַזעלכע זאַכן, מיין פריינט, קומען נישט פאָר: נאָר מענטשן מיט קראַנקע פאַנטאַזיעס אַזוי ווי איר זייט, זעען עס אַזוי; — מיר געלערנטע, זעען עס אַנדערש.

### גרישאַ

מענטשן מיט קראַנקע פאַנטאַזיעס. . . און געלערנטע זעען עס ניט. אָט נעמט למשל, אונזערע שרייבער, רעדאַקטערע פון צייטונגען און מיטאַרבעטער: — וועט אַ רעדטקטאָר, אויב איר וועט אים גוט באַצאָלן, די בעסטע לויב־לידלאַך פאַר אייך שרייבן.

### דער דאָקטאָר

וואָס זאָגט איר, איך הויב נישט אָן צו פאַרשטיין! (שאָקלט מיט



די פּלייצעס) — נו, נו! . . .

### גרישאַ

אויב איר זייט אַ דאָקטאָר און ווייסט די דאָקטאָריע ווי אַ שוסטער; אָדער פאַרמאַצעווט, וועלכער פאַר'סם'ט הונדערטער מענטשן; אָדער סוחר, וועלכער פאַרקויפט עסנוואַרג, וועלכע טויגן נישט פאַר הינט: אָדער פאַבריקאַנט, וועלכער דערמאָרדעט אונז לאַנגזאַם אין פאַבריק: אָדער צולעצט, אונזער פינסטערע, באַרבאַרישע רעגירונג, וועלכע פאַרמאַטערט אונז ביז'ן טויט אין די קאַזאַרמעס און נאָכער — דעם קריג . . פאַר'ן דאָקטאָר וועט ער שרייבן: "אַז ער איז איינער פון די בעסטע וואָס ער האָט ווען געזען". דער פאַרמאַצעווט — "די ערלאַכקייט אַליין"; דער פאַבריקאַנט — "אַן דערלייזער פון די מענטשהייט" און די רעגירונג — "דאָס איז די אומשולדיגקייט אַליין" און יעדער איינער וואָס באַשמוצט איר, איז ווערט געהאַנגען צו ווערן; אַלץ פאַר געלט. . . .

### דער דאָקטאָר

(איראָניש) — איר האָט זיך עס אַביסל צוקאָכט! נו, נו. . .

### גרישאַ

אָדער נעמט אייערע געלערנטע רעדנער, פון וואָס ריידן זיי נישט; אַסטראָנאָמיע — איז אַסטראָנאָמיע; ליטעראַטור — איז ליטעראַטור: סאָציאַליזם — איז סאָציאַלים; און פון אַנאַרכיזם — ווען נאָר אַנאַרכיסטן זאָלן באַצאָלן. פאַר געלט, מיין הער דאָקטאָר! פאַר געלט! . . . .—זיי זיינען באַגייסטערט פון סאָציאַליזם, און אין טעמפּל פריידיגן זיי פון כריסטיאַניזם; לעבן פאַבריק — פון שקלאַפעריי און אויף דער בירזשע פון ספּעקולאַציע; לעבן דער קאַזאַרמע פון פּאַטריאָטיזם און קריג און אין די פאַך־פאַראיינען — פון סאָלידאַריטעט. (פּאַוזע) — אַלץ פאַר געלט, אַלץ פאַר געלט! . . . דאָס הער דאָקטאָר, זיינען אייערע געלערנטע אין דער איצטיקער צייט. —

אייערע אוניווערזיטעטן, בילדונג, לאָגיק, געזעץ, טוגענד, מאָראַל, חכמה, קונסט און אזוי ווייטער. . . און פון דאַנען נעמען זיך אייערע אייראָפּלאַנען, שווערדן, ביקסן, קאַנאָנען, אויפּרייס־מאַטעריאַלן, עקספּלאָדירנדע־גאַזן און צענדליקע מיליאָנען קרבנות און צולעצט — דער רויטער געלעכטער! . . .

דער דאָקטאָר

(קוועטשט מיט די פּלייצעס און לאַכט)

האַ־האַ־האַ־האַ. האָט איר דאָ מיר א שטיק לעקציע אָפּגעהאַלטן! איך מוז אייך פאַרטרויען, אז זינט איך בין א דאָקטאָר, האָב איך פון מיינע קראַנקע פּאַציענטן נאָך אַזעלכעס נישט געהערט. . . . (כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ און רעדט צו זיך אַליין) — אָן אויסערגעוויינלאַכער קראַנקער, אַבסאָלוט אומפאַרשטענדלאַך זיינען פאַר מיר זיינע רייד. (קוקט אויף גרישאַ'ן)

גרישאַ

דאַן זאָג איך אייך, אז מ'דאַרף אייערע אוניווערזיטעטן, מוזעאומס, ביבליאָטעקן, אינסטיטוטן, און אַלע אַנשטאַלטן פון די געלערנטע און די אַלע קונסטלאַכע פּאַלאַצן, מיט די רעגירער וועלכע געפינען זיך אין זיי, צוזאַמען מיט אייערע געלערנטע, דאָקטוירים אדוואָקאַטן, אינזשעניר, שרייבער, רעדנער, גלחים, מיניסטאָרן —אונטערצינדן און פאַרניכטן, אז ס'זאָל קיין אָנדיינקונג ניט פון זיי, און נישט פון זייערע ביכער און בילדינג בלייבן; ווייל מיט דעם האָבן זיי אונז הונדערטע יאָרן גענאַרט און פאַרראַטן און צולעצט די ווילדע אויסשלאַכטונג אויף אונז אָנגעשיקט.

דער דאָקטאָר

(זייער שטיל) — אַביסעלע צו שאַרף, צו פיל! איך האָב אייך געבעטן, אז איר זאָלט זיין אַביסעלע מער איינגעהאַלטן, נישט אָנשטריינגען זיך אַזוי פיל און ריידן וויניקער. (נעמט ארויס פּאַפּיר פון



בוזים־קעשענע, נעמט טינט און פעדער פון טישל און פאַנגט אָן שרייבן) — ווי אַלט זייט איר?

גרישאַ

זיבן און צוואַנציק יאָר.

דער דאָקטאָר

אייער בשעפטיקונג?

גרישאַ

אייזן ארבעטער.

דער דאָקטאָר

ווי לאַנג אז איר פילט זיך אַזוי?

גרישאַ

פון דאַן אָן, ווען איך האָם דאָס לעבן אין ריכטיקן געשטאַלט דערזען און ווען מיין קערפּער איז אין פאַבריק פאַרקויפט געוואָרן, און איך בין געוואָרן א שטיקל געצייג פאַר די רייכע, — פאַר די פּאַראַזיטן און שווינדלער.

דער דאָקטאָר

(שרייבט א ווײַלע און שטעלט זיך מיט א פּאַפּיר אין האַנט)

אַלזאָ, יונגערמאַן! דאָס איז א א ציינגיש אז איר זייט קראַנק, זאָל אייער מוטער דאָס אין פּאָליציי אָוועקטראָגן און איר וועט רואיק קאָנען בלייבן דאָ. און איר, זעט זיך צו פאַרהאַלטן רואיק, עסן גוט, מער פרישע לופט, נישט לעזן קיין סך, אָדער בעסער גאָרנישט: און איבערהויפּט נישט ריידן פיל. אין מיר האָט איר היינט אַזוי פיל אריינגערעדט, אז איך בין אַבסאָלוט מיד געוואָרן. נאָר איך בין א דאָקטאָר, און מוז דאָס אַלץ אויסהערן. (גיט אים די האַנט) איך פאַרהאָף אז איר וועט מיך פאָלגן און — וועט געזונט ווערן. (נעמט ווידער וואָס שרייבן, און ווען ער ענדיגט, קלאַפּט ער אָן אין טיר,

רחל און לאָה קומען אריין. ער ווענדעט זיך צו זיי) — אָט זיינען פּאַפּירן, אַז גרישאַ רויטבערג 27 יאָר אַלט, אייזן־אַרבעטער, וואוינט אויף סאַראַוווע גאַס נאָמער 12, איז גייסטיק קראַנק און קאָן זיין מיליטער־פליכט נישט ערפילן. — דאָקטאָר לעאָן וואַסערמאַן. (רחל וויינט) און דאָס איז אַ רעצעפּט (גיט לאָה'ן) גייט גלייך אין אַפּטייק, מאַכט עס און גיט אייער ברודער צוויי מאָל אַ טאָג אין אַ טיי־לעפל. (נעמט זיין הוט און האַנט־בייטל) — אַ גוטע נאַכט! (גייט אַרויס)

רחל

(גייט צו צו גרישאַ'ן)
מיין טייער קינד! וואָס טוט דיך וויי?

גרישאַ

(מיט רחמנות) — מיר טוט גאָרנישט וויי, שרעק זיך נישט מוטער! דער דאָקטאָר זאָגט אַז איך בין גייסטיק קראַנק, ווייל ער שטייט מיט די אויגן צום וואַנט און מיינט אַז ער קוקט אין פענסטער. (פּאַוזע) מוטער! טראָג אַוועק דאָס פּאַפּיר אין דער פּאָליציי.

רחל

(פאַרברעכט מיט די הענט, וויינט און גייט אַרויס)

גרישאַ

(קוקט איר נאָך) זאָל זיין, זאָל זיין אַן ענדע; לעבן אָדער טויט, איך קאָן שוין מער אַזוי נישט לעבן. . . געגנוג געמאַטערט זיך, גענוג אין טורמעס פאַרבראַכט; — פרייהייט! פרישע לופט! ס'שטיקט מיך. . . . ניין, איך קאָן נישט מער. . . איך טאָר נישט מער. . . זאָל מען קומען און איך וועל וויסן; אַהער אָדער אַהין. (גייט אַרום אין צימער) גייסטיג קראַנק! זאָל זיין אַזוי! — וואָס אַרט עס מיך יעצט! וואָס האָבן דען די אַרבעטער געזאָגט, ווען איך האָב גערעדט צו זיי? (קוקט אין צייטונג. ראָזע קומט אַריין, טוט אויס איר הוט און



מאַנטעל און לייגט אַוועק אויפ'ן בעטל)

ראָזע

וואָס מאַכסטו גרישאַ?

גרישאַ

אויסגעצייכנט. (גייט צו צו איר)

ראָזע

וואו איז די מוטער?

גרישאַ

זי איז אַוועק אין דער פּאָליציי, אַוועקטראָגן די פּאַפּירן וואָס דער דאָקטאָר האָט אָנגעשריבן.

ראָזע

וועלכע פּאַפּירן?

גרישאַ

אַ פאַרזיכערונג; אַז איך בין גייסטיג קראַנק און טויג נישט פאַר מיליטער־דינסט.

ראָזע

(פאַרברעכט מיט די הענט, ווערט זייער טרויעריג, פאַנגט אָן גיין הין און צוריק, שטעלט זיך אָפּ און גייט צו צום פענסטער)
דער דאָקטאָר! . . . אַ פאַרזיכערונג! . . . גייסטיק קראַנק! . . . מיין גאָט! — וואָס איז דאָ?

גרישאַ

וואָרום ביזטו אַזוי פאַרצווייפלט? — (גייט צו און נעמט זי פאַר די הענט) — דיינקסטו פיליכט אַז איך בין . . .

ראָזע

וואָרום האָסטו געלאָזן דיין מוטער גיין אין פּאָליציי, מיט די פאַרפלוכטע פּאַפּירן? (קוקט אין פענסטער און וויינט) — וואָס

האָסטו געטאָן? פאַרוואָס? — פאַרוואָס? . . .

גרישאַ

זיי נישט קיין קינד, וויין נישט, טרערן וועלן ניט העלפן; (אומאַרמט זי) צו טייער זיינען דיינע טרערן. . . איך האָב קיין טעות נישט געמאַכט, ראָזעלע! פאַר דיר, פאַר מיר, פאַר אונזערע פריינד האָב איך עס געטאָן. גענוג זיך געמאַטערט, גענוג זיך געפּלאָגט און דיר, דער מוטער און לאָה'ן. שוין איבער א יאָר און נאָך קיין אָנהויב פון קיין ענדע. — מ'וועט קומען; זאָל מען קומען. וואָרום זאָלט איר אַלע אַזוי פיל ליידן צוליב מיר איינעם? — האָב איך עס פאַרדינט?

ראָזע

גרישאַ! וואָס איז מיט דיר? (באַפרייט זיך פון אים און כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ) וואָס איז דאָס אַלעס? . . . אָן אילוזיע! א חלום! . . . (קוקט אויף אים) אָט דער נעבעכטיקער העלד, דער נעבעכטיקער שטאָלץ, איז היינט אַזוי שוואַך געוואָרן! (קוקט אין פענסטער און לאָזט אַרויס א געשריי) — גרישאַ! ! . . . זשאַנדאַרן און סאָלדאַטן גייען! זיי מוזן גיין נאָך דיר. אַנטלויף! גיבער, אַנטלויף! . . . (נעמט אים אַרום) אויב דו ביזט נאָר נישט קראַנק: אַנטלויף טייערער! פאַר מיר, פאַר מיר טו דאָס! — אויב דו האָסט מיך ליב!

גרישאַ

(גייט צום פענסטער מיט שנעלע טריט)

יאָ, זיי גייען צו מיר. . . אָבער איך וועל נישט אַנטלויפן און מער זיך נישט באַהאַלטען. זאָל זיין אַן ענדע. . . איך קאָן נישט מער. . . (דריקט זי צו זיך) פאַרצייע מיך טייערע! — פאַרצייע! (לויפט צום בעט, הויבט אויף דעם מאַטראַץ און נעמט אַרויס א רעוואָלווער, קוקט אויף אים) אין לעבן גיט צייטן, ווען



דו מוזט דיין פיינד ליב באַקומען און דו טוסט עס: אָט, אָט דעם רעוואָלווער און אַנדערע טייוול־געצייג, פון וועלכע מענטשן קאָנען זיך נאָך נישט אָפּגעוואוינען, און קאָנען זאָגאר אָן דעם נישט שלאָפן. מיט וועלכער אונגעדולד איך האָב געוואַרט, אַז די אַלע טייוול־געצייג, דער פּראָדוקט פון אונזער ציוויליזאַציע געלערנטע און דיינקער, זאָל פאַרניכטעט ווערן, און מענטשן זאָלן רואיק שלאָפן, אָן דאָס אָנצולאָדן און אַרונטערלייגן די שטיק אייזן אונטער'ן קישן. (פּאוזע) אָבער ס'איז נאָך נישט אַנדערש, — זאָל זיין אַזוי! . . . (זעט צו ער איז אָנגעלאָדן און לייגט אים אַריין אין קעשענע)

ראָזע

(קושט אים) אַנטלויף! ראַטעווע זיך! באַהאַלט זיך! ג־ר־ . . . (די ווערטער האַקן זיך איבער באַ איר. ס'הערט זיך קלעפּ אין טיר. גרישאַ כאַפּט אַרויס דעם רעוואָלווער. ס'הערט זיך ווי מ'שרייט: ,,עפנט! עפנט!" ראָזע לויפט צו צום טיר, זי כאַפּט זיך באַם האַרצן, וויל וואָס זאָגן און קאָן נישט. גרישאַ גיים צו צו איר, דריקט זי צום האַרצן, קושט זי, לייגט אַריין דעם רעוואָלווער אין קעשענע און עפנט די טיר. צוויי זשאַנדאַרן־אָפיצערן און דריי סאָלדאַטן מיט ביקסן גייען אַריין)

ערשטער אָפיצער

(מיט א פּאַפּיר אין האַנד) דאָ איז גרישאַ רויטבערג?

גרישאַ

יאָ, דאָס בין איך.

צווייטער אָפיצער

איר זייט קראַנק?

גרישאַ

רופט דאָס וואָס איר ווילט.

ערשטער אָפיצער

וואָרום האָט איר זיך נישט געמאָלדן צום מיליטער־דינסט?

גרישאַ

ווייל איך טאָר נישט.

צווייטער אָפיצער

ווייל דער דאָקטאָר האָט אייך געזאָגט, אז איר זייט קראַנק?

גרישאַ

ניין! — ווייל איך בין פאַרנומען. (רחל לויפט אריין)

רחל

(מיט געוויין) מיין קינד! מיין קינד! (מ'שטויסט זי אָפּ פון אים)

צווייטער אָפיצער

אָבער איצט, נעמען מיר שוין וואַנזיניקע אויך. אַלע קלאָרע האָט מען שוין באַלד אויסגע'הרג'עט און משוגעים קאָנען אין דעם קריג מער צוניץ־קומען ווי קלאָרע.

ערשטער אָפיצער

(מיט כעס)— ניט גערעדט! קומט!

גרישאַ

וואוהין זאָל איך גיין מיט אייך? — אויף דעם קריג? . . . .
(מיט כעס) — קריג איז קריג! זאָל עס זיין דאָ. . . (זייער אויפגערעגט. ראָזע לויפט צו צו אים און ווערט אפּגעשטויסן פון אָפיצער)

ערשטער אָפיצער

וואָס טוט איר דאָ? ווער זייט איר?

ראָזע

איך בין זיין כלה. איך וויל זיך מיט אים געזעגענען, האָב איך



קיין רעכט, — איידער ער גייט מיט אייך?

צווייטער אָפיצער

(גיט איר א גלעט און גיט א געמיינעם קוק אויף איר פון אויבן ארונטער)

א שאַנדע! . . . אזאַ שיין מיידל ווי דו, — האָסט געקאָנט אין די אַרמס פון אַן אָפיצער ליגן. (גלייכט זיך אויס) אָט אַזוי ווי איך בין. . ..דאַרפסטו זיין א כלה פון א משוגענעם זשיד, וועלכער באַהאַלט זיך פון מיליטער־דינסט. (די אָפיצערן שיסן אויס מיט געלעכטער. די סאָלדאַטן שטייען ערנסט, מיט די ביקסן אראָפּ)

גרישאַ

(מיט אויפרעגונג) די הענד אראָפּ! געמיינער לומפּ! פּאַראַזיט! זי! — זי אין דיינע אַרמס! . . . (כאַפּט אַרויס דעם רעוואָלווער) דאָ ליג דו, פּאַראַזיט אין דר'ערד! (שיסט אויס, דער אָפיצער פאַלט. דער צווייטער אָפיצער וויל זיך כאַפּן צו זיין רעוואָלווער, אָבער גרישאַ קערט אויס זיין רעוואָלווער אויך צו אים, ער פאַלט אַרויסלאָזנדיג א שטאַרקן געשריי. די סאָלדאַטן כאַפּן זיך צו זייערע ביקסן. גרישאַ שיסט אויס אויף זיך. עס הערט זיך ווי ער שרייט: אנשולדיק מוטער! ראָזע! . . . לאָה. . . איך ש־ט־אַ־ר־ב, ש־ט־אַ־ ראָזע באַדעקט גרישאַ'ן מיט קושן, כאַפּט זיין רעוואָלווער; די סאָלדאַטן לויפן צו צו איר)

ראָזע

(זי שטעלט אים צו צום קאָפּ)

נאָך בלוט! . . . נאָך בלוט! . . . מערדער! . . . נאָט אייך נאָך בלוט. . . (שיסט אויס און פאַלט לעבן זיי)

רחל

(לויפט צו צו גרישאַ'ן) מיין קינד! . . . מיין קיינד! . . .
— מיינע ק־י־נ־ד־ע־ר. . . (זי כאַפּט זיך פאַר'ן הארצן און פאַלט

לעבן אים. לאָה קומט אריין מיט אַ פלעשל אין האַנד)

### לאָה

(קוקט אויף די סאָלדאַטן און דאַן אויף דר'ערד. בלייבט שטיין און לאָזט אַרויס אַ ווילדן געשריי)

מוטער! גרישאַ! ראָזע! . . . — וואָס איז דאָ? (פאַלט אַרויף אויף זיי, הויפּט אויף דעם קאָפּ אויף די סאָלדאַטן. — די סאָלדאַטן שטייען ווי שטומע) וואָרום שטייט איר? ענדיקט אייער אַרבעט! . . . טוט מיט מיר וואָס איר ווילט. . . .איך בין איינע אַליין; איך וועל זיך ניט ווערן. דאַרשיסט מיך! שטעכט מיך דורך מיין האַרץ! איך וועל צו אייך גאָרנישט האָבן. איך וועל אייך דאַנקבאַר זיין! . . . (שרייט) וואָרום ענדיקט איר נישט אייער אַרבעט? — ענדיקט! . . .

### ערשטער סאָלדאַט

(צו די איבעריקע) — וואָס זאָל מען איצט טאָן?

### צווייטער סאָלדאַט

איך דיינק מ'ז־אָ־ל . .. (טרייסלט זיך)

### ערשטער סאָלדאַט

וואָס זאָל מען?

### צווייטער סאָלדאַט

(מיט שרעק) אַוועקגיין!

### דריטער סאָלדאַט

איך האָב אויך אַזוי געטראַכט: מ'זאָל איבערלאָזן די ביקסן און אַוועקגיין, נאָר איך האָב מורא געהאַט פאַר אייך. (קוקט אויף די אַנדערע צוויי)

### צווייטער סאָלדאַט

ווי נאָר כ'האָב דערזען, אַז אונזערע אָפיצערן זיינען דער'הרג'עט



האָב איך גלייך געוואָלט לאָזן דעם ביקס, אַראָפּוואַרפן די קליידער און אַוועקגיין, נאָר איך האָב מורא געהאַט פאַר אייך.

### ערשטער סאָלדאַט

איך האָב שוין לאַנג געדיינקט דאָסזעלבע, נאָך איידער איך בין אַהער געקומען. איך אַליין האָב שוין באַלד אַזעלכע קינדער ווי די, (ווייזט מיט דער האַנט) וועלכע ליגן דאָ דער'הרג'טע און מיין פרוי איז אויך אַ מוטער, אַזוי ווי די, וועלכע איז פון האַרץ־שלאַג געפאַלן צוליב איר קינד, און מיין טאָכטער, אַזוי ווי די. . . (ער וואַרפט שנעל אַוועק זיין ביקס און רייסט אַראָפּ די עפּאָלעטן. די אַנדערע צוויי קוקען אויף אים מיט שרעק און טוען דאָסזעלבע)

### ערשטער סאָלדאַט

וואָרום האָבן מיר דאָס גלייך נישט געטאָן? — גלייך ווי מיר האָבן געזען אַז אונזערע אָפיצערן זיינען דער'הרג'עט, וואָלטן מיר פילייכט די אַלע, (ווייזט מיט דער האַנד) געראַטעוועט.

### דריטער סאָלדאַט

(צו לאָה'ן) — גייט! איר זייט פריי! . . .

### די אַנדערע צוויי

איר זייט פריי, מיר וועלן אייך קיין שלעכטס ניט טאָן. מיר קערן זיך מער צוריק אין די קאַזאַרמעס ניט אום. מיר טוען זיך איבער און אַנטלויפן.

### ערשטער סאָלדאַט

ס'איז אוממעגלאַך! די שטאָט איז באַוואַכט פון אונזערע ברי־דער־סאָלדאַטן, מ'וועט אונז גלייך כאַפּן.

### צווייטער סאָלדאַט

זאָלן מיר בלייבן דאָ!

### דריטער סאָלדאַט

די הויז קוקט סיי־ווי אויס ווי אַ פעלד פון אונשולדיקע קרבנות

און מצבות, וועט זיין נאָך עטלאַכע: מיט די ביקסן אין די הענט, לאָמיר ראַכע־נעמען, פאַר די אומשולדיק בלוט פון אונזערע מו־טערס, ברידער און קינדער.

### צווייטער סאָלדאַט

אַלץ איינס דאַרפן מיר גיין אויפ׳ן קריג; — זאָל זיין דאָ! . .

### ערשטער סאָלדאַט

זאָל זיין אַזוי!

### אַלע דריי

ראַכע פון די פּאַראַזיטן! ראַכע פון די פּאַראורזאַכער פון קריג! ראַכע פאַר אומשולדיק בלוט! . . . (אַלע גיבן זיך די הענט — קוקן אויף לאַה׳ן און שווייגן)

### לאַה

איך גיי נישט אַוועק פון דאַנען. איך האָב נישט וואוהין צו גיין! . . . איך וויל מער קיין מענטשן נישט זען. איך וויל זיין דאָ, צוזאַמען מיט אייך. (ווייזט מיט דער האַנד) צוזאַמען. . . מיט . . . זיי. . . .איך וויל זען נאָר בלוט! — בלוט! בלוט! — פון די פּאַראורזאַכער פון בלוט. און דאַן וועל איך קאָנען שטאַרבן רו־איק און צופרידן. . .

זי גיט זיי די האַנט. די סאָלדאַטן נעמען אַוועק די אָפּי־צערן און לייגן זיי אַוועק אָן אַ זייט. רחל׳ען, גרישאַ׳ן און ראָזע׳ן לייגן זיי אַוועק אינמיטן. איינער נעמט גרישאַ׳ס רעוואָלווער, נעמט אים אין האַנט. די סאָלדאַטען נעמען אַראָפּ זייערע היטלען, שטעלן זיך אויף די קני, מיט די ביקסן אין די הענט אָנגעשפּאַרט אָן דער ערד. לאַה שטעלט זיך אַוועק לעבן זיי. אַלע זינגען דעם טרויער־מאַרש.

ענדע.